מאַרקסיסטישע
שטודיר קורסן

## געשיכטע פון דער
## אַרבעטער באַוועגונג

# די גרויסע
# פראַנצויזישע רעוואָלוציע

ערשטע לעקציע



פ ע ר ל א ג
אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן
80 פינפטע עוועניו, ניו יארק.

מאַרקסיסטישע שטודיר קורסן

# געשיכטע פון דער אַרבעטער באַוועגונג

ע ר ש ט ע   ל ע ק צ י ע

# די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע



פאַרלאַג:
אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן
80 פינפטע עוועניו
ניו יאָרק, 1932.

ערשטע לעקציע

# די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע
# (1789-99)

## I.

## קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג און די אַלטע פעאָדאַלע אָרדנונג

די אַנטוויקלונג פון האַנדל. — אריסטאָקראַטיע און גייסטלעכע. — די פראַנצויזישע בורזשואַזיע און אירע פארשיידענע גרופּירונגען. — מייסטער (בעלי מלאכות) און ארבעטער. — די בורזשואַזיע אַלס אַוואַנגאַרד פון דעם פאָלק — בורזשואַזע אידעאָלאָגיע פון דעם אַכצנטן יאָרהונדערט — אָנהויבן פון קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע.

## II.

## די בורזשואַזע רעוואָלוציע

1. דער ערשטער פעריאָד: די רעוואָלוציע פון דער גרויס-בורזשואַזיע (1789-92). — עקאָנאָמישע נויט ביים אָנהייב פון דער רעוואָלוציע. — דער עטאַט-זשענעראַל (שטאַנדן-צוזאַמענפאָר). — יולי 14 און אויגוסט 4, 1789 — די סאָציאַל-עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. — די קאָנסטיטוציע פון 1791 און די דעקלאַראַציע וועגן די רעכט פון דעם מענטשן. — די שחיטה אויף דעם מאַרס-פעלד, יולי 17, 1791. — דער בירגער-קריג אין פראַנקרייך.

2. דער צווייטער פעריאָד: די יאַקאָבינער — רעוואָלוציע און דיקטאַטור (1792-4). — דאָס שטורמען די טוליעריען דעם 10טן אויגוסט, 1792. — די קאָנווענשאָן. — זשיראָנדיסטן און יאַקאָבינער. — סעפּטעמבער 1792, ביז 2טן יוני, 1793. — דער זיג פון די יאַקאָבינער און די קאָנסטיטוציע פון 1793. — די רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור. — פראַקציאָנעלע קאַמפן צווישן די יאַקאָבינער. — דאָס פאַלן פון ראָבעספּיער (9טער טערמידאָר, 1794).

3. דער דריטער פעריאָד: די בורזשואַזע רעפּובליק (1795-99). — די קאָנווענשאָן פון טערמידאָר — באַבעף און די פאַרשווערונג פון די „גלייכע“.

## III.

## די לעקציעס פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע

א פּאָר ווערטער וועגן דער מעטאָדע:

יעדערער, וואָס הויבט אָן שטודירן די געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, דאַרף הויפּטזעכלעך ווענדן זיין אויפמערקזאַמקייט אויף די פאָלגנדיקע פּונקטן:

1. די הויפּט-שטופן אין דעם קלאַסן-קאַמף פון די רעוואָלוציע-יאָרן.

2. דער כאַראַקטער פון דער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער פּאָליטיק, וואָס די רעמאָלטיקע מאַכטהאָבנדיקע בורזשואַזיע האָט געפירט.

3. דער אופן ווי אַזוי דאָס קליין־בירגערטום האָט געוואונען מאַכט, די אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע פאָרמען, וואָס ער האָט אָנגענומען, און די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע געזעצגעבונג פון זיין רעוואָלוציאָנערער רעגירונג.

4. די אורזאַכן פון דעם פאַלן פון דעם קליין־בירגערטום.

5. דער כאַראַקטער פון דער בורזשואַזער רעאַקציע, וואָס איז געקומען נאָך דער רעוואָלוציאָנערער דיקטאַטור.

מיר האָבן איצט אַ ספּעציעלן צווייג פון היסטאָרישער וויסנשאַפט, וואָס איז געווידמעט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. די געשיכטע פון דער רעוואָלוציע איז צוערשט געשריבן געוואָרן פון ליבעראַלן (מיניע, טיער, און אַנדערע אין אָנהייב פון דעם 19טן יאָרהונדערט), פון ראַדיקאַלן און דעמאָקראַטן (לואיס בלאַנק און מישעלע, אין מיטן פון 19טן יאָרהונדערט), שפּעטער פון קאָנסערוואַטיוון און רעאַקציאָנערן (טען), און ווידער פון ליבעראַלן (פּ. אָלארד, ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט), און לסוף פון סאָציאַליסטן (זשאָרעס, קראָפּאָטקין, קונאָוו א. אז. וו.).

דער פירער פון דער סאַמע וויכטיקסטער גרופּע אין מערב־אייראָפּע, וואָס שטודירן איצט די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע, איז דער פראַנצויזישער פּראָפעסאָר מאטיע. אָט די גרופּע איז אינטערעסאַנט דערפאַר, ווייל זי באַזירט די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע געשיכטע פון דער רעוואָלוציע ניט בלויז פון די פּראָטאָקאָלן פון די פּאַרלאַמענטן, און זי גיט זיך אָפּ ניט בלויז מיט די קאַמפן צווישן די פּאַרלאַ־מענטאַרישע פּאָליטישע גרופּן, נאָר אויך מיט דער געשיכטע פון די ארבעטס־מענטשן און זייער קאַמף פאַר עקאָנאָמישער גלייכקייט; די גרופּע שטעלט פונדעסטוועגן ניט פאָר מיט זיך קיין שטרענג־מאַרקסיסטישע שולע.

אין רוסלאַנד, מער ווי אין וועלכן ניט איז אַנדער לאַנד (אויסער פראַנקרייך. פאַרשטייט זיך), האָט מען אַרויסגעוויזן אַ ספּעציעלן אינטערעס צו דער רעוואָלוציע. ספּעציעלע שטודיר־קרייזלעך זיינען געגרינדעט געוואָרן צו אונטערזוכן די עקאָנאָ־מישע געשיכטע פון דער רעוואָלוציע. די געשיכטע פון דעם פּויערטום (די ווערק פון קאַרעיעוו, לוטשיסקי, קאָוואַלעווסקי), די געשיכטע פון דעם ארבעטער־קלאַס (טאַרלע). אָט די היסטאָריקער זיינען כמעט אַלע געווען ליבעראַלן און בורזשואַזע דעמאָקראטן. אין זייערע ווערק האָבן זיי אָפּגעטיילט די עקאָנאָמישע געשיכטע פון דעמאָקראטן. אין זייערע ווערק האָבן זיי אָפּגעטיילט די עקאָנאָמישע געשיכטע פון דער רעוואָלוציע פון דער געשיכטע פון איר קלאַסן־קאַמף; אַנטקעגן מאַרקסיזם, שטעלן פאָר זייערע ווערק אַ סאָרט פון „וואולגאַרן" עקאָנאָמיזם. און ערשט נאָך אָקטאָבער 1917 איז אויפגעקומען אין רוסלאַנד אַ שטרענג מאַרקסיסטישע שולע צו שטודירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע פון דער בורזשואַזיע ביים סוף פון דעם 18טן יאָרהונדערט, די ראָלע פון דעם קליין־בירגערטום און די ארבעטער־מאַסן אין דער רעוואָלוציע, בכדי צו פאַרשטיין די אַנטוויקלונג פון די אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָ־לוציעס פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

## ערשטע לעקציע

# די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע

די מאָדערנע בורזשואַזע פּאַרלאַמענטאַרישע מלוכה איז ענדגילטיק געגרינדעט און באַפעסטיקט געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פון דעם ניינצנטן יאָרהונדערט. אָבער אויפן אייראָפּייאישן קאָנטינענט זיינען אירע פונדאַמענטן געלייגט געוואָרן אין דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע ביים סוף פון דעם 18טן יאָרהונדערט, די סאָציאַלע רעוואָלוציע פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע. ס'איז זייער ריכטיק צו זאָגן, אַז ביז אָקטאָבער 1917 „איז נאָך קיינמאָל ניט פאָרגעקומען אין דער מענטשלעכער געשיכטע אַ גרעסערע און ווייט־גרייכנדיקערע פּאַסירונג, ווי די פראַנצויזישע רעוואָלוציע“ (טאָקעוויל). ווי די רוסישע רעוואָלוציע, איז זי, סיי לויט אירע אורזאַכן, סיי לויט אירע רעזולטאַטן, ניט געווען בלויז אַ „נאַציאָנאַלע“ פּאַסירונג.

די בורזשואַזע געזעלשאַפט איז געבוירן געוואָרן, ווען דער פעאָדאַליזם האָט נאָך געהערשט. די בורזשואַזע רעוואָלוציע האָט באַצייכנט דעם ענדגילטיקן צוזאַמענברוך פון דער מיטלאַלטערלעכער געזעלשאַפט־אָרדנונג, וואָס איז געוואָרן פאַרמישפּט צום טויט דורך דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, ניט נאָר אין פראַנקרייך, נאָר איבער גאַנץ אייראָפּע. צום סוף פון 18טן יאָרהונדערט איז אָבער פראַנקרייך ניט געווען פאַר קיין פאַל די העכסט־אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע מלוכה אין אייראָפּע; אין דער הינזיכט איז זי געווען ווייט הינטערשטעליקער פון ענגלאַנד. אין ענגלאַנד האָט די שנעלקייט פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג געצוואונגען דער רעגירונג איינצופירן אַ צאָל ענדערונגען אין די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע, וואָס האָט דורכגעפירט איר ווירקלעכע רעוואָלוציע אין דעם 17טן יאָרהונדערט (1648). און בלויז אַ דאַנק דעם האָט ענגלאַנד פאַרשפּאָרט אַ רעוואָלוציע מיט 150 יאָר שפּעטער. אין דייטשלאַנד האָט זיך דער קאַפּיטאַליזם צוערשט אַנטוויקלט זייער לאַנגזאַם, און דעריבער האָט די בורזשואַזיע אַרויסגעשטעלט אירע פאָדערונגען בלויז אויף אַ באַשיידענעם אופן. נאָר אין פראַנקרייך זיינען די ווידערשפּרוכן צווישן דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקציע־קרעפטן און דעם וואוקס פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, פון איין זייט, און די פּאָליטישע באַציאונגען פון דער אַבסאָלוטיסטישער פעאָדאַלער מלוכה, פון דער צווייטער, געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן געקענט געלייזט ווערן בלויז דורך אַ רעוואָלוציע. ווי די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע אין דעם 20סטן יאָרהונדערט, האָט זיך די בורזשואַזע רעוואָלוציע ביים סוף פון 18טן יאָרהונדערט אָנגעהויבן, ניט אין דעם סאַמע העכסט־אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליסטישן לאַנד, נאָר אין דעם לאַנד, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, צו באַנוצן

לעניג׳ס ווערטער, „דעם שוואכסטן רינג אין דער קייט“ פון דער אַלטער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג. ווי מיר וועלן זען, זיינען היסטאָריש געווען אין פראַנקרייך די סאַמע גינסטיקסטע באַדינגונגען פאַר דער רעוואָלוציאָנער שטירצונג פון דער אַלטער אָרדנונג.

I.

## קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג און די אַלטע אָרדנונג

אין דער צווייטער העלפט פון דעם 18טן יאָרהונדערט איז שוין פראַנקרייך ניט געווען אינגאַנצן בלויז אַ לאַנד פון נאַטור־ווירטשאַפט; זי איז שוין מער ניט געווען קיין ריין־פעאָדאַלער שטאַט. קאַפּיטאַליזם האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. נאָר די איבערבלייבעכצן פון די פאַר־קאַפּיטאַליסטישע פּאָליטישע באַציאונגען האָבן געשטערט די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון פראַנקרייך. די הערשנדיקע קרעפטן פון דעם אַלטן רעזשים האָבן ניט געלאָזן אויסנוצן פולשטענדיק די אַנטוויקלונג־מעגלעכקייטן פון דער לאַנדווירטשאַפט, האַנדל און אינדוסטריע. דאָס ווייזט אונדז אויף די אורזאַכן, וואָס האָבן געמאַכט די רעוואָלוציע אומפאַרמיידלעך. אין פראַנקרייך, ווי אין ענגלאַנד, האָבן שוין עקזיסטירט די באַדינגונגען פאַר אַן אינדוסטריעלער טראַנספאָרמאַציע, פאַר דעם טריאומף פון דער מאַשין. דאָס אָנקומען און איבערוועלטיקונג פון מאַשינעריע אין דער אינדוסטריע איז אומעטום באַגלייט געוואָרן פון דיזעלבע דערשיינונגען, ניט געקוקט אויף די באַזונדערע אייגנטימלעכקייטן, וועלכע זיינען אַ רעזולטאַט פון די פאַרשיידענע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע געשיכטעס פון יעדן לאַנד.

## די אַנטוויקלונג פון האַנדל

ערב דער רעוואָלוציע איז פראַנקרייך געווען אַ פּויערים־לאַנד, אין וועלכן עס האָבן געהערשט די פעאָדאַלע באַדינגונגען. דאָס הייסט, די מלוכה איז רעגירט געוואָרן פון די נאָבלליט (אַדעליקע) און דעם קלער.. אַמווייניקסטנס 92 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָט געלעבט אויף לאַנד, און עס זיינען געווען זייער ווייניקווירקלעך גרויסע שטעט. פּאַריז האָט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 600,000, ליאָנס האָט פאַרמאָגט 135,000 איינוואוינער. נאָר אין די לאַנדווירטשאַפטלעכע געגנטן, ווי אין די שטעט, זיינען שוין געווען געוויסע באַדינגונגען, וואָס העלפן אַנטוויקלען קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע און האַנדל. אין די לעצטע יאָרצענדליקער פאַר דער רעוואָלוציע איז גאַנץ שנעל געגאַנגען די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג אין פראַנקרייך. צווישן 1716 און 1788 האָט זיך דער אויסלענדישער האַנדל אומגעהויער פאַרגרעסערט; פאַר דעם פּעריאָד פון 1717 ביז 1720 האָט ער באַטראָפן 214.8 מיליאָן ליווערס (אַן אַלטער פראַנצויזישער פראַנק), אין דער צייט וואָס פאַרן פּע־

ריאָד פון 1784 ביז 1788 האָט ער באַטראָפן 1,011.6 מיליאָן ליווערס; גלייכצייטיק האָט זיך דער עקספּאָרט פון אינדוסטריעלע פּראָדוקטן אויך פאַרגרעסערט פון 45 מיליאָן ליווערס אין 1716 ביז 133 מיליאָן אין 1789¹. ס'איז אָבער קלאָר, אַז דער גרעסטער טייל פון דעם עקספּאָרט איז באַשטאַנען פון אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן.

אין יענער צייט האָבן די האַנדל־צענטערס פון פראַנקרייך געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָלע, סיי אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון דעם לאַנד, סיי אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל. די פּאָנען פון אַלע פעלקער האָט מען געקענט זען אין מאַרסעל, וואָס האָט געדינט אַלס שפּייכלער, ניט בלויז פאַר דעם צענטראַלן ברעג־געביט פון דעם מיטללענדישן ים. מאַרסעל איז אויך געווען אַ צענטער פאַר די פאַרשידנאַרטיקסטע סאָרטן פון פאַבריקאַטן; דאָרטן איז פּראָדוצירט געוואָרן זייף און פאַרבן, געוואַנט און זייד, פעל, א. אז. וו. מאַרסעל און אַ צאָל אַנדערע שטעט אין פראַנקרייך זיינען דע־ריבער געווען צענטערס פון אינדוסטריעלער טעטיקייט אַזוי גוט ווי וויכטיקע האַנדלס־פּונקטן.

אָבער אין לאַנד גופא האָט דער האַנדל באַגעגנט גרויסע שטערונגען. אין יענער צייט איז ניט געווען קיין פרייער מאַרק. דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען צעטיילט אין פּראָווינצן מיט פאַרשידענע געזעצן און פאַרשידענע פּאָליטישע אינסטיטוציעס. מען האָט געמוזט צאָלן הויכע טאַריף־שטייערן ביים אַרויספירן סחורה פון איין פּראָווינץ אין דער צווייטער. דער האַנדל צווישן די פּראָווינצן איז דערפאַר געווען זייער שוואַך אַנטוויקלט. צום ביישפּיל, פאַר דעם טראַנספּאָרטירטן וויין פון אָרלעאַנס קיין נאָרמאַנדיע האָט מען געצאָלט אַזויפיל שטייערן, אַז ביז ער האָט דערגרייכט דעם באַ־שטימטן פּלאַץ האָט ער געקאָסט צוואַנציק מאָל אַזויפיל. ספּעציעל שווער איז געווען דער האַנדל מיט תבואה. אָט די שטרויכלונגען האָבן פאַרשטייט זיך, געשטערט דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם און אַרויסגערופן גרויסע אומצופרידנקייט צווישן דעם אויפקומענדיקן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס.

אויך אין דער לאַנדווירטשאַפט זיינען געווען דיזעלבע ווידערשפּרוכן צווישן די פעאָדאַלע באַציאונגען און די באַדערפענישן פון דער וואַקסנדיקער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. געזעצלעך איז דער באַזיץ פון דעם באָדן אין פראַנקרייך — נאָך אפילו אין אַ גרעסערער מאָס ווי אין דייטשלאַנד — גע־ווען אונטערוואָרפן דעם אַלטן פעאָדאַלן געזעץ: „ניטאָ קיין ערד אָן אַ פּריץ“. דאָס אומבאַשרענקטע פּריוואַט אייגנטום פון באָדן, אָן אַן אויבער־הערשנדיקן באַראָן, איז געווען אַ זעלטענע דערשיינונג.

דער איבעריקער באָדן איז געהאַלטן געוואָרן אונטער דער פעאָדאַלער סיסטעם, לויט וועלכער דער גרויסער פּריץ האָט פאַר געוויסע פאַרפּליכטונגען אָדער צינזן, געלאָזן באַנוצן און געניסן פון באָדן אַנדערע, וועלכע פלעגן גע־וויינטלעך צעטיילן ווידער דעם באָדן אין נאָך קלענערע שטיקער און זיי פאַר־דינגען צו פּויערים־באַטראַקעס. אויף אַזאַ אופן איז אין משך פון יאָרהונ־

דערטער אויסגעוואקסן אַ גאַנצע היראַרכיע. יעדעס שטיקל ערד האָט געהאַט ניט איין באַלעבאָס, נאָר אַ גאַנצע כאָפּטע. דער פּויער האָט ניט געקאָנט אויפגעבן זיין ערד; ער איז ניט געווען איר אמתער אייגנטימער; און ער האָט נאָך יווייטער געליטן פון אַ צאָל באַגרעניצונגען ביים פאַרקויפן די איי־בערגעבליבענע פּראָדוקטן נאָכן אָפּצאָלן די פאַרשידענע צינזן. צום ביישפּיל, דער פּריץ פון דעם מאַיאָנטעק (פאַרמעגן) האָט געהאַט אַ רעכט צו ברייגגען אויפן מאַרק זיינע פּראָדוקטן, ווי וויין אָדער קאָרן, מיט אַ צאָל וואָכן פריער איידער דער פּויער.

דער לאַנד־באַזיץ אין פראַנקרייך איז געווען פאַרטיילט צווישן פיר הויפּט־גרופּעס. לויט דעם באַריכט פון אַרטור יאָנג, אַן ענגלענדער, וואָס האָט באַרייזט פראַנקרייך אין 1787-9, זיינען געווען 1) אייגנטימער פון קליינע ווירטשאַפטן; 2) טענענטס (ארענדאטאָרן), וואָס צאָלן געלט־צינזן; 3) פעאָ־דאַלע באַראָנען; 4) קולטיווירער פון ווירטשאַפטן, וואָס זיינען צוערשט גע־דונגען געוואָרן פאַר געלט־צינזן, נאָר שפּעטער זיי ווידער אָפּגעלאָזן צו רייי־כערע און אָרעמערע פּויערים, וועלכע פלעגן צאָלן אלס צינזן אַ העלפט אָדער דריטל פון זייערע גערעטענישן — די אַזויגרופּענע האַלבע־טענענטס (שייר־קראַפּערס). די לעצטע גרופּע איז ספּעציעל געווען זייער גרויס אין צאָל. די פאַרשפּרייטקייט פון דער סיסטעם באַווייזט אונז די שטאַרקייט פון דעם פעאָדאַליזם אין פראַנקרייך ביים סוף פון דעם 18טן יאָרהונדערט. אין זיינע רייזע־נאָטיצן שרייבט אַרטור יאָנג:

„אין פלאַנדערס, עלזאַס, אויף דעם גאַראָן און בערן, האָב איך געפונען אַ סך אין קאָמפּאָרטאַבעלע אומשטענדן... און אין באַס ברעטאַן זיינען אויך פאַראַן אַ סך באַוואוסטע נגידים, נאָר אין אַלגעמיין זיינען זיי אָרעם און אויף צרות, וואָס קומט מערסטנס פון דער צעפּיצלטער צוטיילונג פון זייערע קליי־נע פאַרמס צווישן אַלע קינדער. אין לאָרעין און אין דעם דערבייאיקן טייל פון שאַמפּעין לעבן זיי אין דער גרעסטער דחקות און נויט. איך האָב געזען, מער ווי איינמאָל, ווי די צוטיילונג איז דערפירט געוואָרן צו אַזאַ שטופּע, אַז אַן איינציקער פרוכט־בוים, וואָס איז געשטאַנען אין אַ קרייז פון צען פוס באָדן, איז געווען פאַררעכנט אַלס אַ פאַרם, און די לאָקאַלע לאַגע פון אַ פאַמיליע איז געוואָרן אַנטשידן דורך דעם באַזיץ.“

די פּויערים האָבן געליטן ניט בלויז פון ניט גענוג ערד; זיי זיינען אונטערדריקט געוואָרן דורך אַ צאָל שטייערן, פון וועלכע דער ערגסטער איז געווען דער שטייער אויף זאַלץ. די שטייערן האָבן באַטראָפן אַזויפיל ווי צוויי־דריטל פון דער גאַנצער גערעטעניש, אין דער צייט וואָס די פּריווילע־גירטע קלאַסן — די נאָבלליט און דער קלער — זיינען געווען באַפרייט פון צאָלן די מערסטע שטייערן. אַ חוץ אַזעלכע פעאָדאַלע צינזן, ווי אַרבעטן אויף די וועגן, אין די פערד־שטאַלן און דינען אין דער אַרמיי, איז דער פּויער אונטערדריקט געוואָרן דורך די שענדלעכסטע געזעצן. צום ביישפּיל, ער האָט ניט געטאָרט טויטן די ווילדע חיות, וואָס צעטראַמפּלען זיינע פעלדער

— וועלכע ער האָט ניט געטאָרט אַרומציִמען מיט פּלויטן — און פאַרניכטן די גערעטענישן.

## אַריסטאָקראַטיע און קלער (גייסטלעכע)

דער דאָמינירנדיקער שטאַנד פון דעם לאַנד, די אַריסטאָקראַטיע, האָט ניט געציילט מער ווי 147,000 אויף אַ באַפעלקערונג פון אַרום 26 מיליאָן. זיי האָבן אָבער פאַרברויכט אַמווייניקסטנס אַ פינפטל פון דעם גאַנצן נאַציאָנאַלן איינקונפט און, צוזאַמען מיטן קעניג, געווען די באַזיצער פון דריי פערטל פון גאַנצן באָדן. די נאָבלליייט זיינען געווען צעטיילט אין עטלעכע גרופּעס — ריכטער, באַאַמטע, פּעאָדאַלן. זיי האָבן פאַרנומען אַלע פירנדיקע פּאָסטנס אין דער מלוכה. די אַרמיי־אָפיצירן האָבן געקראָגן אַ יערלעכן געהאַלט פון 46 מיליאָן ליווערס — מיט צוויי מיליאָן מער פון די 145,000 סאָלדאַטן, וואָס האָבן צוזאַמענגעשטעלט די אַרמיי.

דער צווייטער שטאַנד, וואָס האָט קאָנטראָלירט די גרויסע מאַסע פון דעם פּויערטום, איז באַשטאַנען פון אַרום 130,000 גייסטלעכע. דער צוזאַמענשטעל פון דער גרופּע איז געווען, פאַרשטייט זיך, פון אַ פאַרשידנאַרטיקן כאַראַקטער; עקאָנאָמיש מעכטיק — אַרום אַ פערטל פון פראַנצויזישן באָדן האָט געהערט צו דער קירכע — האָט דער יערלעכער איינקונפט פון די אויבערשטע טיילן פון די גלחים, פון די קאַרדינאַלן און בישאָפן, באַטראָפן הונדערטער טויזנטער ליווערס. צווישן זיי און די אָרעמע דאָרף־גלחים, מיט אַן איינקונפט פון אַרום 800 ליווערס אַ יאָר, איז געווען אַ גרויסער תהום. נאָר דער קלער (די גייסטלעכע) אין גאַנצן גענומען, אַלס אַ שטאַנד, האָט געהערשט איבער די מאַסן פון אָרעמע פּויערים.

צווישן די פופצן מיליאָן פּויערים, וואָס זיינען געווען אונטערוואָרפן די נאָבלליייט און דער קירכע, זיינען געווען גרויסע אונטערשיידן. אַ צאָל זיינען נאָך אַלץ געווען פּאַראָבקעס — דאָס הייסט, געלעבט פּאַקטיש אין שקלאַפעריי־באַדינגונגען. זייער ערד איז געווען אונטערוואָרפן דעם געזעץ פון „מאָרטמעין" (דאָס הייסט, געווען דאָס אומבאַשרענקטע אייגנטום פון דער קירך). עס זיינען געווען אַרום אנדערהאלבן מיליאָן אַזעלכע פּויערים, פּאַקטיש אַלע, וואָס האָבן געלעבט אויף קירכלעכן באָדן.

אַלס אַ רעזולטאַט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג אין דאָרף האָבן זיך די פּויערים אָנגעהויבן איינטיילן אויף רייכע, מיטעלע — דער גרעסטער טייל — און אָרעמע, אַזוי גוט ווי לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער (באַטראַקעס), וואָס האָבן נאָך ניט געבילדעט קיין זייער גרויסן קלאַס. אַלס אַ רעזולטאַט פון שווערע שטייערן און שלעכטע גערעטענישן, האָט אַ גרויסע צאָל פּויערים אויפגעגעבן דאָס לאַנד, און אַ דריטל פון דעם באָדן איז געלעגן וויסט. אָט די רואינירטע פּויערים זיינען געלאָפן אין די שטעט אָדער זיך אַרומגעשלעפּט איבער די דערפער ווי בעטלער און וואַגאַבונדן (טרעמפּס).

# אינדוסטריע

אין דער צייט פון ערב־רעוואָלוציע האָט די פראַנצויזישע אינדוסטריע דערגרייכט די שטופע פון מאַנופאַקטור, וואו דער סוחר שפּילט די ראָלע פון אַן אָרגאַניזאַטאָר פון דער אינדוסטריע. די פויערים־אינדוסטריע איז געווען זייער ברייט פאַרשפּרייט. אין די לעצטע הונדערט יאָר פאַר דער רעוואָלוציע האָט זיך דער ווערט פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע פּראָדוקציע פאַרגרעסערט אויף העכער פינף מאָל אַזויפיל. די פאַרגרעסערונג איז געווען כמעט אינגאַנצן אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג פון דער דאָרף־אינדוסטריע און מאַנופאַקטור. אין די שטעט האָט נאָך געבליט די האַנטווערקעריי. אין געוויסע געגנטן איז אַ חוץ דעם אויך געווען אַ צאָל גרויסע אונטערנעמונגען, ווי שאַכטעס, למשל. אין יענער צייט האָבן מאַשינען נאָך ניט געשפּילט קיין וויכטיקע ראָלע אין דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט — זיי האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן באַווייזן אויף דער סצענע. נאָר צום יאָר 1780 האָבן שוין עקזיסטירט די נויטיקע באַדינגונגען פאַר דער איינפירונג פון מאַשינען. טעכנישע דערפינדונגען האָבן זיך שטופנווייז פאַרשפּרייט. אָט די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע טאָר אָבער ניט פאַרשטעלן פון אונז די גרויסע ווידערשפּרוכן אין דער פראַנצויזישער אינדוסטריע ערב דער רעוואָלוציע. זייט־ביי־זייט מיט דעם וואַקסנדיקן קאַפּיטאַליזם אין די שטעט האָט נאָך פאָרטגעזעצט איר עקזיסטענץ די אָרגאַניזירטע האַנטווערקעריי. די אינדוסטריעלע טעטיקייט, ווי אויך האַנדל און אַגריקולטור — די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג פון לאַנד — האָט שטאַרק געליטן פון דער אַריינמישונג פון שטאַט און פון אַלערליי פעאָדאַלע פירונגען. אויף די באַפעלן פון די אינטענדאַנטן — די פּראָווינציעלע פאַרטרעטער פון דער צענטראַלער רעגירונג — האָט מען קאָנפיסקירט לייוונט און קליידער, ווייל זיי זיינען כלומרשט פאַבריצירט געוואָרן דורך אַ פאַרלעצונג פון אַ וועלכן ניט איז געזעץ. די אינדוסטריאַליסטן האָבן דעריבער שטאַרק געפאָדערט אָפּצושאַפן אַלע רעגולאַציעס, וואָס שטערן די עקאָנאָמישע טעטיקייט.

# די פראַנצויזישע בורזשואַזיע

די וואַקסנדיקע פראַנצויזישע בורזשואַזיע איז געווען איינגעטיילט אין פאַרשיידענע גרופּן. די פינאַנציעלע בורזשואַזיע האָט געלעבט אויסשליסלעך דורך אויסנוצן די פינאַנציעלע שוואַכקייטן פון דער רעגירונג פון דעם אַלטן רעזשים; דערנאָך קומט די האַנדלס און אינדוסטריעלע בורזשואַזיע; און לסוף — דאָס קליין־בירגערטום. די פינאַנסירן האָבן זיך באַרייכערט דורך מאַכן הלוואות צום שטאַט און דורך זייער ראָל פון שטייער־איינמאָנער. זיי האָבן בלויז געפאָדערט, אַז די רעגירונג זאָל בריינגען אין אָרדנונג די נאַציאָנאַלע פינאַנסן און צווינגען דער מלוכה צו באַצאָלן אירע

חובות; זייערע פאָדערונגען צום שטאַט זיינען ווייטער דערפון ניט גע־גאַנגען. זיי זיינען דערפאַר שנעל אַריבער אויף דער זייט פון דעם הערשנ־דיקן קלאַס, ווי נאָר די רעוואָלוציע האָט געדראָט צו פאַרניכטן אינגאַנצן די אַלטע אָרדנונג אין די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע. דער שטאַרקסטער טייל פון דער בורזשואַזיע איז געשאַפן געוואָרן פון די סוחרים און אינדוסט־ריאַליסטן, די קאַפּיטאַליסטן פון מאַרסעל, באָרדאָ, ליאָנס, נאַנטעס, וואָס זיינען רייך געוואָרן פון דעם קאָלאָניאַלן האַנדל און שקלאַפן־האַנדל און זיינען איצט געוואָרן די אָרגאַניזאַטאָרן פון פאַבריקן, וואַרשטאַטן און הויז־אינדוסט־ריען. דאָס איז געווען דער קלאַס, וואָס איז געשטיגן צו מאַכט. די סוחרים און אינדוסטריאַליסטן האָבן זיך באַמיט אויסצוואָרצלען די רעשטלעך פון פעאָדאַליזם אין האַנדל און אַגריקולטור; כאָטש ס׳איז אמת, אַז אַ סך פון זיי זיינען געווען גרייט צו מאַכן קאָמפּראָמיסן מיט דער אַלטער אָרדנונג. יענע בורזשויעס, וואָס האָבן זיך איינגעשאַפט מאַיאָנטקעס אויפן לאַנד, און די פאַבריצירער פון לוקסוס־אַרטיקלען, האָבן ניט געוואָלט קיין ראַדיקאַלע ענדערונג, ווייל זייערע הויפּט־קונדן האָבן זיך געפונען צווישן דעם הערשנ־דיקן קלאַס; נאָר די קליינע גרופּן זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען אין דער גרויסער מאַסע פון דער בורזשואַזיע.

ביז דער רעוואָלוציע איז די סוחרישע און אינדוסטריעלע בורזשואַזיע געשטאַנען בראש פון יענע טיילן פון דער באַפעלקערונג, באַוואוסט אַלס דער דריטער שטאַנד, און געקעמפט קעגן די צוויי הערשנדיקע שטאַנדן, די אַדעליקע (אַריסטאָקראַטן) און גייסטלעכע. אין זייערע קאַמפן האָבן זיי זיך געשטיצט אויף דער גרויסער מאַסע פויערים, וואָס האָט געוואָלט אָפּ־שאַפן די פעאָדאַלע געזעצן, און אויף דעם שטאָטישן קליין־בירגערטום, די האַנטווערקער און קליינע הענדלער. אָט די צוויי קלאַסן — דאָס פויערטום און די שטאָטישע קליין־בורזשואַזיע — האָבן צוזאַמענגעשטעלט די מערהייט פון דעם דריטן שטאַנד. זיי זיינען געווען די גרעסטע קעגנער פון דער אַלטער אָרדנונג, ווייל זיי האָבן געפילט שאַרפער ווי וועלכער ניט איז אַנדער־טייל די לאַסטן און אומבאַקוועמלעכקייטן פון דער עקזיסטירנדיקער געזעל־שאַפט־אָרדנונג.

## האַנטווערקער (בעלי מלאכות) און אַרבעטער

די סאַמע קעמפערישע (מיליטאַנטע) עלעמענטן ביים קליינבירגערטום זיינען געווען די באַהעלפער (לערן־אינגלעך, געזעלן) און דער וואַקסנדיקער אַרבעטער־קלאַס. אַלס אַ באַזונדערער קלאַס, מיט אַן אייגענער אידעאָלאָגיע און אייגענער אידייען־וועלט — להיפוך צו דער בורזשואַזיע — האָט אַ פּראָ־לעטאַריאַט אין פראַנקרייך ניט עקזיסטירט ערב דער רעוואָלוציע. פון דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן שטאַנדפּונקט האָט דער פּראָלעטאַריאַט נאָך ניט צעבראָכן די מחיצות פון זיינע איינגערע גרופּן־אינטערעסן. די מערהייט פון

דעם ארבעטער־קלאַס איז באַשטאַנען פון ארבעטער אין הויז־אינדוסטריע און מאַנופאַקטור, און פון באַהעלפער אין די פאַרשיידענע צעכן (פאַכן). זייערע מאַטעריעלע לעבנס־באַדינגונגען זיינען געווען אויסערגעוויינלעך שלעכט. א מיניסטער פון דעם אַלטן רעזשים האָט געשריבן:

„אין אַלגעמיין זיינען די שכירות פון די ארבעטער צו נידעריק, א גרויסע צאָל מענטשן ווערט אויפגעאָפּפערט צו די פּריוואַטע אינטערעסן פון א הייפעלע. די באַהעלפער אין דעם קליידער־פאַך פון מאַרסעל זיינען פולשטענדיק באַרעכטיקט, ווען זיי זאָגן: „מיר זיינען אומגליקלעך".

אויב מיר זאָלן נעמען די קויף־קראַפט פון די שכירות פון א פראַנצויזישן ארבעטער ביים אָנהויב פון 20סטן יאָרהונדערט אַלס גלייך צו א באַשטימטן סכום שפּייז, דעמאָלט וועט אויסקומען ביים פאַרגלייכן, אַז די שכירות אין 1789 האָבן געקענט קויפן וויינציקער ווי א העלפט פון דער מאָס שפּייז. ס'איז אמת, אַז די באַהעלפער זיינען געווען אָרגאַניזירט אין זייערע פאַך־אָרגאַניזאַציעס, אין די געזעלן־ברודערשאַפטן, אייגנאַרטיקע קעגנזייטיקע הילף־אָרגאַניזאַציעס פון א האַלב־רעליגיעזן, האַלב־טרייד יוניאָן כאַראַקטער. די יוניאָנס זיינען אָבער ניט געווען שטאַרק גענוג זיך צו פאַרמעסטן מיט דעם בורזשואַזן קלאַס. אויך סטרייקס זיינען גאַנץ אָפט אויסגעבראָכן נאָך פאַר דער רעוואָלוציע (ווי אין לייאָנס); זיי זיינען אונטערדריקט געוואָרן מיט דער הילף פון מיליטער. ביים סאַמע שוועל פון דער רעוואָלוציע, אין אַפּריל 1789, האָבן די ארבעטער פון פאַריז פאַרניכטעט די פאַבריקן פון דעם אינדוסטריאַליסט רעוועילאָן, א געוועזענער ארבעטער, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו העכערן די שכירות אין די שווערע ווינטערס פון 1788־9.

ווען מען ציט אונטער א קורצן סך הכל וועגן דער לאַגע אין פראַנקרייך ערב דער רעוואָלוציע, און מען אַנאַליזירט די אורזאַכן, וואָס האָבן זי אַרויסגערופן, קענען מיר זאָגן מיט זשאָרעס'ן:

„די פּויערים און דאָס גאַנצע לאַנד איז אויפגעשטאַנען קעגן דער אַלטער אָרדנונג, ניט בלויז צוליב דער ירידה און אַגריקולטור, נאָר אויך דערפאַר וואָס די אַלטע אָרדנונג האָט ניט געלאָזן דעם קאַפּיטאַליזם זיך צו אַנטוויקלען. דאָס איז געווען די הויפּט־אורזאַך פאַר דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע".

## די בורזשואַזיע אַלס דער אַוואַנגאַרד פון די מאַסן

די בורזשואַזיע איז דערשינען אַלס דער פירנדיקער עלעמענט אין דער רעוואָלוציע: איר היסטאָרישער פירער. אין דער פּערזאָן פון דעם אבבע סיעי האָט זי געשטעלט צום לאַנד די פראַגע:

„וואָס איז דער־דריטער שטאַנד? אַלצדינג. וואָס איז ער געווען ביז איצט? גאָרנישט. וואָס וויל ער איצט זיין? עפּעס".

סיעיס האָט זיך נאָך דעמאָלט אויסגעדריקט זייער באַרזיכטיק. נאָך־

אין משך פון דער רעוואָלוציע גופא האָט די בורזשואַזיע געמאַכט אַ פּאַרזוך צו פאַרניכטן די אַלטע געזעלשאַפט־אָרדנונג, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם; זי האָט באַלד אַליין געוואָלט ווערן אַלצדינג; נאָר אָט דער ציל האָט געקענט דערגרייכט ווערן בלויז מיט דער הילף פון די אַרבעטער־מאַסן.

ביים סוף פון 18טן יאָרהונדערט איז די בורזשואַזיע דערשינען אַלס דער אַוואַנגאַרד פון די מאַסן אין דעם קאַמף קעגן דער אַלטער אָרדנונג מיט אַ נייער אידייען־וועלט, אַ נייער וועלט־פילאָסאָפיע. זיי האָבן פּראָקלאַמירט די ממשלה פון פאַרנונפט (שכל), קעגן דער הערשאַפט פון רעליגיע און אַבערגלויבן; זיי זיינען געווען אָפּטימיסטן, וואָס האָבן געגלויבט אין דער מאַכט פון פּראָגרעס, אין דער מאָראַלער טוגנט פון דער מענטשהייט. דער באַזיס פאַר דער נייער פילאָסאָפיע איז געווען די טעאָריע פון נאַטור־געזעצן, אונטער וועלכער עס איז פאַרשטאַנען געוואָרן דאָס געזעץ פון דעם פעריאָד פאַר פעאָדאַליזם, אין וועלכן דאָס געזעץ פון גוואַלט איז נאָך געווען אומ־באַקאַנט צו דער מענטשהייט. די בורזשואַזיע איז געווען איבערצייגט, אַז דער שטאַט און די געזעלשאַפטלעכע סיסטעם זיינען לכתחילה געווען דער רעזולטאַט פון אַן אָפּמאַך צווישן מענטשן, דער רעזולטאַט פון אַ געזעל־שאַפטלעכן קאָנטראַקט, און אַז ווי נאָר די געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג איז ניט מער אין איינקלאַנג מיט די באַדערפענישן פון די בירגער, זיינען זיי באַרעכטיקט אויפצושטיין קעגן דעם עקזיסטירנדיקן רעזשים. אין זייערע פּאַרזוכן צו שטירצן די מאַכט פון די פעאָדאַלע באַראָנען, איז די בורזשואַזיע פון 18טן יאָרהונדערט געווען פריינטלעך צו די מאַסן און גערעדט פון פריי־הייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט. נאָר דער בורזשואַ איז געווען אַן אייגנטימער, און דער פאַקט האָט שוין באַשטימט זיין גאַנצע וועלט־אָנשוי־אונג. שטאָלץ מיט זיין אייגנטום און זיין בורזשואַזער קולטור, איז ער געווען אַן אינדיווידואַליסט. ניט געקוקט אויף זיין חנדלען זיך צו די מאַסן, האָט ער זיך פאָרט געפילט אַלס איינער פון די „איבערשטע צען טויזנט" און געצויגן אַ שאַרפע ליניע צווישן זיך און דעם פּראָסטן פאָלק. דער בורזשואַ פון דעם 18טן יאָרהונדערט האָט אין זיין רעוואָלוציאָנערער טעט־טיקייט פאָרמולירט זיין טעאָריע פון רעוואָלוציע פון דער פאַרגאַנגנהייט, פון גריכישער און רוימישער געשיכטע.*)

## די בורזשואַזע אידעאָלאָגיע פונם אכצנטן יאָרהונדערט

אונזער איצטיקער שטודיום איז צו קורץ מיר זאָלן זיך קענען דערלויבן צו געבן אַן אויספירלעכן אַנאַליז פון די פאַרשיידענע פאַרטרעטער פון בור־

*) זע מאַרקס, „אַכטצנטער ברומער פון לואי באָנאַפּאַרט" (ענגלישע 1926 אויס־גאַבע, ז. 24.)

זשואַזער אידעאָלאָגיע אין דעם 18טן יאָרהונדערט. מיר קענען בלויז אָנווייזן אויף וואָלטערן, אַ דיינקער, וואָס האָט געשפּילט אַ פּראָמינענטע ראָלע אין דעם קאַמף קעגן געוויסע פינסטערע זייטן פון דער געזעלשאַפט אין 18טן יאָרהונדערט; ער האָט געשטרעבט צו איבערצייגן די דעספּאָטן אין דער נויטיקייט פון באַווייליקן רעפאָרמען אין די אינטערעסן פון בורזשואַזע־אַנטוויקלונג; אויף די פיזיאָקראַטן, וואָס האָבן פאַרטראָטן די עקאָנאָמישע אידייען פון 18טן יאָרהונדערט אין פראַנקרייך, גוטהייסנדיק דעם פּרינציפּ פון פרייער קאָנקורענץ אַלס דער „נאַטירלעכער" פאַרגלייך מיט אַלע קינסט־לעכע רעגולאַציעס און קאָנטראָלן. די „ענציקלאָפּעדיע" פון דעם 18טן יאָר־הונדערט — דער „האַנטבוך פון וויסנשאַפטן, קונסטן און פאַכן (מלאכות)" — האָט „צענויפגעזאמלט אינאיינעם אַלדאָס וויסן פון דער וועלט און עס קאָאָרדינירט אין אַן אַלגעמיינער סיסטעם, כדי די ארבעט פון די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער זאָל קענען אויסגענוצט ווערן פון די קומענדיקע דורות, און אַז אונדזערע קינדער, פאַרגרעסערנדיק זייער פאַרשטאַנד, זאָלן קענען זיין מער טוגנהאַפט און מער גליקלעך" (דידעראָ, ד'אַלעמבערט, א. א. וו.). די מיטארבעטער אין דעם מאָנומענטאַלן ווערק — די ענציקלאָפּעדיסטן — זיינען געווען די באַרימטסטע בורזשואַזע דיינקער פון פראַנקרייך אין דעם 18טן יאָרהונדערט.

די פּאָליטישע וויסנשאַפטן זיינען געווען פאַרטראָטן אין דעם יאָרהונ־דערט דורך אַן אַנדער גרויסן בורזשואַזן דיינקער, מאָנטעסקיע (1689-1755), וועמעס הויפּט־ווערק „דער גייסט פון געזעצן" איז דערשינען אין 1748. כדי צו באַשיצן דאָס פאָלק פון אַבסאָלוטער הערשאַפט, האָט מאָנטעסקיע פאָרגעשלאָגן איינצוטיילן די מלוכה־מאַכט אין געזעצגעבערישע, עקזעקוטיווע און געריכטלעכע אָרגאַנען. יעדער צווייג האָט געדאַרפט עקזיסטירן אומאָפּ־הענגיק פון די אַנדערע, כדי יעדערער פון זיי זאָל קענען אויסאיבן אַ באַגרע־נעצטן איינפלוס איבער די אַנדערע צוויי.

דאָס קליינבירגערטום האָט אויך געהאַט זיינע פאַרטרעטער. זיין פי־לאָסאָף איז געווען זשאַן זשאַק רוסאָ (1712-78), דער טעאָרעטיקער פון דעמאָקראַטיע, ווי דאָס האָבן זיך פאָרגעשטעלט די מענטשן פון דעם 18טן יאָרהונדערט, דער טעאָרעטיקער פון פאָלקס־סואווערעניטעט (אויבערהער־שאַפט). לויט רוסאָ איז די מלוכה־סיסטעם געבויט געוואָרן אויף דעם פּרינציפּ, אַז „יעדערער גיט זיך אָפּ דער געזעלשאַפט אַלס אַ גאַנצע" און אַז, דעריבער, זיינען די באַדינגונגען דיזעלבע פאַר אַלעמען, און קיינער האָט נישט קיין אינטערעס צו מאַכן זיי שווערער פאַר אַנדערע. דער ווילן פון דער מאַיאָריטעט (מערהייט) איז אַנטשידנדיק. אין די לערן פון רוסאָ געפינען מיר רעוואָלוציאָנערע און רעאַקציאָנערע אידייען צוזאמענגעפלאָכטן. רוסאָ האָט געטרוימט פון דעמאָקראַטיע, און פון אַן „אומקער צו דער נאַטור", צו אַ גאָלדענער צייט, ווען מענטשן ווייסן נאָך ניט פון די פאַרדאָרבנדיקע וויר־קונגען פון דער אינדוסטריע און שטאָט־לעבן. רוסאָ'ס טעאָריע איז געווען פון גרויס וויכטיקייט אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע; די גרויסע רעוואָלו־

ציאָנערן ביים סוף פון דעם אכצנטן יאָרהונדערט האָבן זיך באַטראַכט ווי זיינע תלמידים.

## די אָנהויבן פון אַ קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע

דער אכצנטער יאָרהונדערט האָט אויך געהאַט אַ קליינע צאָל פאַר־טרעטער פון קאָמוניסטישן געדאַנק. מיר ווילן דערמאָנען דעם גייסטלעכן מעסליער (1664-1729), אַ קאָמוניסט און רעוואָלוציאָנער פון דעם אָנהויב פון 18טן יאָרהונדערט, וואָס האָט זיך פריייוויליק געלאָזט פאַרהונגערן צום טויט, און אין זיין „טעסטאַמענט" ביטער אַרונטערגעריסן די מאַסקע פון רעליגיע און אַטאַקירט די ניט־גלייכהייט. מעסליער איז געווען אַ קריגערי־שער אַטעאיסט. ער האָט געפאָדערט, אַז ארבעט זאָל זיין דער פונדאַמענט פון דער געזעלשאַפט, און אויסגעדריקט די האָפנונג, אַז „די הערשער פון דער ערד וועלן דערוואָרגן ווערן מיט די קישקעס פון די פריסטער".

קאָמוניסטישע אידייען בנוגע אַגראַר־פּראָבלעמען זיינען געווען פאַר־טראָטן דורך מאָרעלי (Code de la Nature, 1755) און מאַבלי (1709-85). אין דער צייט וואָס מעסליערס „טעסטאַמענט" איז זייער ווייניק באַקאַנט, איז מאַבלי געווען אַ סך מער פּאָפּולער; זיין הויפּט־ווערק "On Legislation" (וועגן געזעצגעבונג), איז דערשינען אין 1776. ער האָט צוגעשריבן אַלע צרות צו דעם פּריוואַט־אייגנטום פון באָדן, נאָר, פון דער צווייטער זייט, ווי די מערסטע פון די עקוואַליטאַריאַנער *) פון דעם אכצנטן יאָרהונדערט, איז ער ניט באַשטאַנען אויף דער פולשטענדיקער פאַרווירקלעכונג פון זיינע קאָמוניסטישע אידעאַלן. זיין פּראַקטישע פּראָגראַם האָט זיך הויפּטזעכלעך באַשעפטיקט מיט רעפאָרמעס: מאַסמיטלען קעגן לוקסוס, באַגרעניצן די גרויס פון באָדן, וואָס איינער קען פאַרמאָגן, א. אז. וו. ביז צו יענער צייט האָט זיך דער קאָמוניזם הויפּטזעכלעך אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון אַגראַר־געזעצן, וואָס שטעלן פעסט די אוניווערסאַלע רעכט אויפן באָדן און באַגרענעצן די אויסנוצונג און אייגנטום פון דער ערד אונטער דער פאַמיליע־סיסטעם. אַ פאַרגלייך צווישן דער קאָמוניסטישער טעאָריע פון 18טן יאָרהונדערט מיט די בורזשואַזע טעאָריעס באַווייזט קלאָר די אידעאָלאָגישע הילפלאָזיקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַלס אַ קלאַס אין יענער צייט. „די הערשנדיקע אידייען פון יעדער צייט זיינען די אידייען פון דעם הערשנדיקן קלאַס" (קאָמוניסטישער מאַניפעסט). די בורזשואַזיע האָט געהאַט אַ קלאָרע אידייע פון איר סופּעריאָריטעט איבער די ארבעטער און האָט אַרויסגעשטעלט אירע אידייען ווי אייביקע אמתן. די ארבעטער־מאַסן אין דעם 18טן יאָר־

*) אָנהייגנער פון גלייכהייט־קאָמוניזם. מאַרקס און ענגעלס האָבן זיי געהאַלטן פאַר פּרימיטיווע קאָמוניסטן, וואָס האָבן „באַזירט זייערע אידעאַלן אויסשליסלעך אָדער הויפּטזעכלעך אויף דער פאָדערונג פון גלייכהייט".

הונדערט האָבן נאָך ניט געקענט אַרויסשטעלן קעגן די „אייביקע“ אמתן זייערע אייגענע קלאַסן־אמתן.

## II.

## די בורזשואַזע רעוואָלוציע

די געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע קען איינגעטיילט ווערן אין די פאָלגנדיקע פּעריאָדן:

1. פון 1789 ביז 1792. די עפּאָכע פון דער הערשאַפט פון דער גרויס־בורזשואַזיע, וואָס האָט בעת דער רעוואָלוציע געפּרואווט קומען צו אן אויסגלייך מיט דער אַלטער אָרדנונג און זייער פרי פּראָקלאַמירט אַ מלחמה אויף די מאַסן.

2. פון 10טן אויגוסט, 1792, ביז 27סטן יולי, 1794. אין דער רעוואָלוציאָנערער „נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג“ און דער „קאָנווענשאָן“ איז די מאָנאַרכיע געשטירצט געוואָרן און דער ביטערער קאַמף איז געפירט געוואָרן צווישן די פאַרטרעטער פון דער הענדלערישער און אינדוסטריעלער בורזשואַזיע און די פאַרטרעטער פון דער קליין־בורזשואַזיע. נאָכדעם איז געקומען די דיקטאַטור פון דער קליין־בורזשואַזיע, די הערשאַפט פון טעראָר, די הערשאַפט פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, וואָס האָט פאַרניכטעט די לעצטע רעשטלעך פון דער אַלטער אָרדנונג און געמאַכט אַ פאַרזוך דורכצופירן אין לעבן דעם אידעאַל פון אַ גלייכהייט־רעפּובליק.

3. פון 1795 ביז 1799. נאָכן פאַלן פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פון דער בורזשואַזער רעפּובליק, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט דער בורזשואַזער מיליטערישער דיקטאַטור פון נאַפּאָלעאָן.

מיר ווילן איצט געבן אַ קורצן איבערזיכט פון דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע אין משך פון די פּעריאָדן.

## I.

## דער ערשטער פּעריאָד: די רעוואָלוציע פון דער גרויס־בורזשואַזיע, 1789־92

### עקאָנאָמישע נויט ביים אָנהויב פון דער רעוואָלוציע

דער פונדאַמענטאַלער אנטאַגאָניזם צווישן קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג אין פראַנקרייך און איר פעאָדאַלער רעגירונגס־פאָרם האָט זיך געפילט באַזונדערס שטאַרק זינט דעם יאָר 1783. פון דעם ווינטער פון יענעם יאָר ביז דעם אָנהויב פון דער רעוואָלוציע האָט פראַנקרייך געליטן פון אַ שאַרפן

עקאָנאָמישן קריזיס. די וואָס האָבן דעמאָלט געלעבט באַשרייבן מיט גרויל די שרעקלעכע אומגערעטענישן פון 1788 און 1789.

„פאַר צוויי חדשים", שרייבט איינער פון זיי, „איז די ערד געווען באַדעקט מיט שניי און אייז. די שטאָטישע ארבעטער, לאַנד־ארבעטער, האַנטווערקער און פאַבריק־ארבעטער האָבן ניט געקענט ארבעטן צוליב די אומגעווייגלעכע גרויסע פרעסט... די נויט פון דער באַפעלקערונג קען מען זיך קוים „פאָרשטעלן".

די פּויערים און אָרעמע מענטשן אין די שטעט האָבן זיך געקלאָגט, אַז ס'איז אוממעגלעך צו קריגן ברויט. אַ חוץ די הונגער־בונטן צווישן די מאַסן, איז אַלץ מער קלאָר געוואָרן די אומצופרידנהייט פון דער בורזשואַזיע. (נאָכן שליסן דעם איינגליש־פראַנצויזישן האַנדלס־אָפּמאַך פון 1786 — דעם ערען אָפּמאַך — האָט זיך אָנגעהייבן פילן זייער שאַרף די קאָנקורענץ פון איינגלאַנד). זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז די העגעמאָניע פון די פּריווילעגירטע קלאַסן אין פראַנקרייך מוז געבראָכן ווערן, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן אין איינגלאַנד אין דעם זיבעצנטן יאָרהונדערט.

דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט אַרויסגערופן אַ קריזיס אין די מלוכה־פינאַנצן, וואָס איז פון יאָר צו יאָר געוואָרן אַלץ שאַרפער אַלס אַ רעזולטאַט פון דער רעגירונגס־פּאָליטיק. די פינאַנץ־מיניסטאָרן האָבן זיך געהאַלטן אין איין בייטן; נאָר קיין איינער פון זיי איז ניט געווען בכח צו שאַפן די נויטיקע פאָנדן אויף דעקן דעם בודזשעט־דעפיציט. די געפאַר פון באַנקראָט איז קלאָר געוואָרן פאַרן גאַנצן לאַנד אין 1781, בשעת נעקער, דער פינאַנץ־מיניסטער, האָט אָפּגעדרוקט צום ערשטן מאָל אַ סטייטמענט פון די הוצאות און הכנות פון דער מלוכה. דער שפּעטערדיקער פינאַנץ־מיניסטער פון לואיס דעם 16טן, קאַלאָן, האָט אויך ניט געקענט דעקן דעם דעפיציט אָדער איינפירן נייע שטייערן. די פּראָצענטן אויף די מלוכה־חובות אַליין האָבן איינגעשלונגען כמעט אַ העלפט פון דער גאַנצער מלוכה־הכנסה. אין דעם לעצטן יאָרהונדערט האָבן זיך שוין די שטייערן געהאַט פאַרגרעסערט אויף פערציק מיליאָן ליווערס. קאַלאָן איז געווען געצוואונגען צו בעטן דעם קעניג רופן אַ מיטינג פון די פאַרטרעטער פון די פאַרשיידענע שטאַנדן, וואָס זאָלן העלפן דעם קעניג צו שאַפן די נויטיקע פאָנדן. עס איז פאָרגעקומען אַ מיטינג מיט די פאַרטרעטער פון דער פראַנצויזישער פעאָדאַלער אַריסטאָקראַטיע. אָט די פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1787, האָט אָבער אויך ניט געקענט איבערגעבן אין רשות פון דער רעגירונג די נויטיקע פאָנדן. דער מלוכה־חוב האָט שוין באַטראָפן פיר מיט אַ האַלב מיליארד. דעמאָלט איז פאַררופן געוואָרן די אַלטע קערפּערשאַפט, באַוואוסט אַלס די „עטאַט־זשענעראַל", וואָס האָט ניט אָפּגעהאַלטן קיין פאַרזאַמלונג זינט 1614.

## די שטאַנדן־פאַרזאַמלונג

די שטאַנד־פאַרזאַמלונג איז געווען אַ פאַרזאַמלונג פון 1,165 פאַרטרעטער פון די דריי שטאַנדן; די גייסטיקע, די אדעליקע (דוואָריאַנעס) און די

בירגער (מעשטשאַנעס). דער דריטער שטאַנד האָט געהאַט צוויי מאָל אַזויפיל פאַרטרעטער, ווי יעדערער פון די צוויי אַנדערע (אַרום 600 דעפוטאַטן). די פאַרזאַמלונג איז געעפנט געוואָרן דעם 5טן מאַי, 1789, און האָט באַלד געווענדעט איר אויפמערקזאַמקייט ניט צו דער פראַגע פון שאַפן פינאַנצן, נאָר ווי אַזוי צו ענדערן די קאָנסטיטוציע און מאַכן אַ סוף פון דער הערשאַפט פון די פריווילעגירטע קלאַסן.

דער דריטער שטאַנד האָט איגנאָרירט דעם ווידערשטאַנד פון דער רעגירונג און די פריווילעגירטע שטאַנדן. ער האָט פאָרגעזעצט צו פאַרוואַנדלען די פאַרזאַמלונג אין אַ נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, דאָס הייסט, אַ פאַרזאַמלונג, וואו אַלע דריי שטאַנדן פירן געמיינזאַם די דיסקוסיע און די פאַרטרעטער שטימען ווי יחידים. דעם 17טן יוני, 1789, איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע פון די פאַרטרעטער פון דריטן שטאַנד אין וועלכער עס איז דערקלערט געוואָרן:

נעמענדיק אין אַכט די איצטיקע לאַגע איז דער נאָמען נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג דער איינציק צוגעפּאַסטער, ווייל די פאַרטרעטער, וואָס זיינען דאָ פאַרזאַמלט, זיינען די איינציקע עפנטלעכע און געזעצלעכע ראַטיפיצירטע פאַרטרעטער פון דער באַפעלקערונג, וועלכע זיינען דירעקט אָהער געשיקט געוואָרן פון דעם גאַנצן פאָלק.

## יולי 14 און אויגוסט 4, 1789

אויף אַזאַ אופן האָט די בורזשואַזיע ביים ערשטן אַנטשיידנדיקן צוזאַמענשטויס... 

טריט אויף דער סצענע פון דער פראַנצויזישער געשיכטע געלייגט די פונדאַמענטן פאַר איר פּאַרלאַמענטאַרישער פאַרטרעטערשאַפט. נאָר זי וואָלט ניט געזיגט, אויב זי וואָלט ניט געשטיצט געוואָרן דורך אַן אויפשטאַנד פון די מאַסן. דעם 12טן יולי האָבן די איינוואוינער פון פּאַריז, שטאַרק געטראָפן פון די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען, געשטויסן פון זייער נויט און די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע האַנדלונגען פון דעם קעניג, זיך אָנגעהייבן באַוואַפנען. דעם 14טן יולי האָבן זיי געשטורמט די באַסטיליע, די פעסטונג־טורמע אין צענטער פון שטאָט. ווען מ'האָט געמעלדעט דעם קעניג וועגן פאַל פון דער באַסטיליע, האָט ער אויסגעשריען: „אָבער דאָס איז דאָך אַ רעוואָלט". האָט אים אַ הויף־מענטש געענטפערט: „ניט קיין רעוואָלט, קעניג, נאָר אַ רעוואָלוציע". אַזוי איז דער גורל פון דער רעוואָלוציע באַשלאָסן געוואָרן דורך דער ספּאָנטאַנישער האַנדלונג פון דער באַפעלקערונג אין שטאָט און דאָרף. ווייל ווען די פּויערים האָבן זיך דערוואוסט, וואָס עס טוט זיך אין פּאַריז, האָבן זיי אויך גענומען זיך אָפּרעכענען מיט די גרויסע פּריצים און לאַנד־באַזיצער: געשטורמעט שלעסער, פאַרברענט פעאָדאַלע דאָקומענטן און זיך דערקלערט פריי פון אַלע פעאָדאַלע פאַרפליכטונגען און צינזן. אין די פּראָווינציעלע שטעט האָט די אָרטיקע בורזשואַזיע געגרינדעט אויטאָנאָמע שטאָט־פאַרוואַלטונגען, זיך באַוואָפנט און אָרגאַניזירט אַ נאַציאָנאַלע גוואַרדיע.

די מאַיאָריטעט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג האָט אין דער באַרימטער נאַכט פון 4טן אויגוסט, 1789, אונטערן דרוק פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איבערן גאַנצן לאַנד, פּראָקלאַמירט די אָפּשאַפונג פון פעאָדאַלע פּריווילעגיעס און פעאָדאַלע לאַסטן. איינער פון די סאַמע בריליאַנטענע פּאָפּולערע פּובליציסטן פון דעם 18טן יאָרהונדערט מאַראַט — „דער פריינט פון דעם פאָלק" — האָט געשריבן צו דער געלעגנהייט מיט רעוואָלוציאָנערן צאָרן:

„אויב די איבערקערעניש איז דיקטירט געוואָרן דורך דעם גייסט פון ריינער וואוילטעטיקייט, טאָר קיינער נישט פאַרגעסן ווי לאַנג עס האָט גענומען ביז די וואוילטעטיקייט איז געקומען".

די פּויערים־פראַגע, די פונדאַמענטאַלע פראַגע פון דער רעוואָלוציע, איז ניט געלייזט געוואָרן דעם 4טן אויגוסט. אמת, ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די באַפרייאונג פון פעאָדאַלע לאַסטן, נאָר עס איז געמאַכט געוואָרן אַן אונטערשייד צווישן פּערזענלעכע פעאָדאַלע פאַרפּליכטונגען, וואָס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן אָן קאָמפּענסאציע (פאַרגיטיקונג), און אַנדערע פעאָדאַלע פאַרפּליכטונגען, וואָס דאַרפן אָפּגעשאַפט ווערן ערשט נאָכן באַצאָלן געלט. אויף אַזאַ אופן איז דער נעכטיקער פעאָדאַלער באַראָן געוואָרן אַ קאַפּיטאַליסטישער לאַנד־באַזיצער, וואָס האָט זיך באַמיט צו פאַרוואַנדלען זיין אַלטן איינקונפט אין אַ קאַפּיטאַליסטישן (אַרענדע־געלט) רענט־איינקונפט. די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, ווי די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט זיך ערשט אָנגערופן, האָט ניט געוואָלט דורכפירן קיין ראַדיקאַלע לייזונג פון דער פּויערים־פּראָבלעם. זי האָט דעריבער ניט געקענט באַזייטיקן יענע פאַקטאָרס אין דער לאַגע, וועלכע האָבן געשטופּט די רעוואָלוציע אין אירע לעצטע שטופן צום בירגער־קריג. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ביז דאָס געזעץ פון 4טן אויגוסט וועט אַריין אין קראַפט, דאַרפן די פּויערים צאָלן זייערע אַלטע צינזן און אויספילן זייערע אַלטע פאַרפּליכטונגען. מיט אַנדערע ווערטער, אַלץ איז דערווייל געבליבן ווי געווען, ווי פאַר דער רעוואָלוציע, אַ חוץ דאָס וואָס די מאַסן אַליין האָבן אָנגעהייבן נעמען זאַכן אין זייערע אייגענע הענט. אַ דעקרעט פון 1790 דערקלערט: „דאָס אייגנטום פון מענטשן, וועלכע האָבן ניט באַצאָלט די אַרענדע־געלט, וואָס קומט פון זיי פאַר דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, קענען פאַרקויפט ווערן אויף אַ ליציטאַציע (עפנטלעך פאַרקויפן, „אָוקשאָן"), אַפילו אויב די אַרענדע־געלט זאָל ניט געפאָדערט ווערן פון זיי פאַר דעם היינטיקן יאָר". די פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען די שטרענקסטע מיטלען, ווען די פּויערים האָבן געפּרואווט זיך קעגנשטעלן דער דורכפירונג פון דעם דעקרעט.

דורך אָפּשאַפן פּריווילעגיעס בנוגע שטייערן, האָט די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג צוגענומען די פּריווילעגיעס פון די גייסטלעכע, ווייל דער צענטל־אָפּצאָל (מעשר) איז אָפּגעשאַפט געוואָרן און די קירך־לענדערייען זיינען דערקלערט געוואָרן אַלס קאָנפיסקירט; אָט די לענדערייען, צוזאַמען מיט

די מאַיאָנטקעס פון די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אַדעליקע, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א מלוכהשן ערד־פאָנד, וועמעס ווירטשאַפטן עס זיינען פאַר־קויפט געוואָרן, כדי צו באַזאָרגן די מלוכה מיט די נויטיקע פינאַנצן און כדי צוצובינדן די נייע אייגנטימער צו דער רעוואָלוציע.

באַם שאַפן איר מלוכה, האָט די בורזשואַזיע, קוקט אויס, געהאַנדלט אויף א געוויסן רעוואָלוציאָנערן שטייגער. זי האָט זיך געהאַלטן אָן דעם לאָזונג פון „עקספּראָפּריאירן די עקספּראָפּריאַטאָרן". די געזעצן פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג וועגן לאַנד־פאַרקויף האָבן א סך בייגעטראָגן צו באַ־רייכערן די בורזשואַזיע. נאָך ס'האָבן געמוזט דורכגיין עטלעכע יאָר פון בירגער־קריג איידער די פויערים, באַפרייט פון די פעאָדאַלע לאַסטן, זאָלן קענען ווירקלעך צוטרעטן צו עקספּראָפּריאירן די לענדערייען פון די גייסט־לעכע און פון דעם אַדעלשטאַנד.

## די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג

נאָך א מעטאָד, דורך וועלכן די מיטגלידער פון דער בורזשואַזיע האָבן געקענט רייך ווערן, איז זיי געגעבן געוואָרן דורך די אסיגנאַטן (אַסיגנאַציעס). דאָס זיינען געווען מלוכה־וועקסלען, וואָס זיינען אַרויס־געגעבן געוואָרן אין דעצעמבער 1789 אויף א סומע פון 400 מיליאָן ליווערס (אַן אַלטער פראַנצויזישער פראַנק) און זיינען צוערשט געוואָרן פאַרזיכערט מיט דעם גאַנצן נאַציאָנאַלן אייגנטום. יעדער געקויפטער באַנד האָט באַרעכטיקט דעם אייגנטימער צו א געוויסן סכום באָדן. שפּעטער זיינען די אַסיגנאַטן געוואָרן א מין פּאַפּיר־געלט און איינגיכן האָבן זיי אָנגעהייבן פאַלן אין ווערט; דאָס מיינט, אַז די פרייזן האָבן אָנגעהייבן שטייגן און די בורזשואַזיע האָט גאַנץ היפש פאַרדינט פון אָט דער אינפלאַציע (פון דעם פּאַפּיר־געלט). אַרום 1794 האָט מען שוין געהאַט אָפּגעדרוקט אַזעלכע אַסיגנאַטן אויף א סומע פון אַכט מיליאַרד ליווערס אָדער פראַנקס, און זיי זיינען געפאַלן ביז איין דריטל פון זייער נאָמינעלן ווערט. אין 1796 זיינען שוין געווען אין צירקולאַציע אַזעלכע אַסיגנאַטן אויף א סומע פון 30 מיליאַרד.

נאָכדעם ווי די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָט אָפּגעפטרט די פויערים פראַגע, האָט זי געווענדט איר אויפמערקזאַמקייט צו די אינטערעסן פון דער סוחרישער און אינדוסטריעלער בורזשואַזיע. זי האָט אָפּגעשאַפט די צעכן (פּאַך־גילדעס), און אויפגעפאָדערט דעם אַרבעטער־קלאַס זיך אונטערצעוואַרפן געהאָרכזאַם צו דעם ווילן פון דער בורזשואַזיע. א דאַנק די רע־פאָרמעס, וואָס זיינען איינגעפירט געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע, האָט זיך געמערקט א פאַרבעסערונג אין דער עקאָנאָמישער לאַגע צום סוף פון 1790 און אין דעם יאָר 1791. די אַרבעטער האָבן דורך סטרייקס אויך געפּרוּווט פאַרבעסערן זייערע באַדינגונגען. נאָך די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג

האָט זיך געאײַלט אָפּצוהאַלטן די באַוועגונג. דעם 14טן יוני, 1791, האָט זי אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, וואָס איז פּאָרגעשלאָגן געוואָרן פון דעם דעפּוטאַט לע טשאַפּעליע, וועלכער האָט פאַרווערט די אַרבעטער זיך צו אָרגאַניזירן און פאַרבאָטן סטרייקס. די פאַרזאַמלונג האָט אָנגעגעבן אַלס אורזאַך פאַר פאַרניכטן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס דעם היפּאָקריטיישן אויסרייד, אַז זיי וואָלטן פאַרבראָכן דעם פּרינציפּ וועגן דער גלייכהייט פון אַלע מענטשן. מאַראַט האָט וועגן דעם געשריבן אין דעם „פריינט פון דעם פאָלק":

„מיר גייען אויס פון הונגער אין דער צייט וואָס אונדזערע בלוט־זויגער וואוינען אין פּאַלאַצן, טרינקען די בעסטע ווײַנען, שלאָפן אויף פּוך, פאַרן אַרום אין גאָלדענע קאַרעטן, און זאָגן זיך אָפּט אָפּ, אין דעם נאָמען פון דער רעוואָלוציע, צו צאָלן אַ טאָג שכירות צו דער פאַמיליע פון אַ פאַרקריפּלטן אָדער שטערבלעך־פאַרוואונדעטן אַרבעטער".

די אַרבעטער האָבן באַלד פאַרשטאַנען, אַז נאָר אַדאַנק זייער הילף האָט די רעוואָלוציע געזיגט. אין איינעם פון זייערע רופן (אַפּילס) האָבן זיי געשריבן:

„אין די טעג פון יולי 12 ביז 14 (1789) האָבן די רייכע זיך פאַררוקט אין זייערע קעלערס; נאָר ווען זיי האָבן געזען, אַז דער אייגנטומלאָזער קלאַס האָט אַליין דורכגעפירט די רעוואָלוציע, זיינען זיי אַרויסגעקראָכן פון זייערע לעכער, צו באַהאַנדלען אונדז ווי ראַיאָטן־מאַכער און אָנצוהייבן זייערע אינטריגעס; כדי אָנצוהאַלטן זייערע קאָמפּאַרטאַבעלע פּלעצער, האָבן זיי אַרויפגעצויגן אויף זיך אוניפאָרמס און עפּאָלעטן, און נאָכדעם האָבן זיי זיך דערפילט שטאַרקער און געפּרואווט אונדז פולשטענדיק אונטערדריקן."

## די קאָנסטיטוציע פון 1791 און די דעקלאַראַציע פון די רעכט פון מענטשן

די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, וואָס האָט געטאָן אַלץ אין די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע, האָט זיך איצט גענומען אויסאַרבעטן אַ קאָסטיטוציע, וועלכע איז געוואָרן באַקאַנט אין דער געשיכטע אַלס די קאָנסטיטוציע פון 1791. זי האָט צעטיילט אַלע בירגער אין צוויי גרופּן, די אַקטיווע און די פּאַסיווע. דאָס רעכט צו דערוויילן דעפּוטאַטן, צו זיין אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג, צו האָבן אַ חלק אין דער מוניציפּאַלער פאַרוואַלטונג, א. א. וו. איז געגעבן געוואָרן בלויז צו די אַקטיווע בירגער, דאָס הייסט, צו די מענטשן מיט פאַרמעגנס, וואָס האָבן געצאָלט אַ באַשטימטן און גאַנץ הויכן דירעקטן שטייער, וועלכער האָט באַטראָפן ניט וויניקער ווי די שכירות פאַר דריי טעג אַרבעט. אַחוץ דעם האָט לויט דעם געזעץ געקענט דערוויילט ווערן בלויז אַזעלכער, וואָס האָט פאַרמאָגט ערד אָדער אַנדערן אומבאַוועגלעכן אייגנטום. דורך אָט די מיטלען איז דער גאַנצער אַרבעטער־קלאַס און די קליין בורזשואַזיע אויסגעשלאָסן געוואָרן פון יעדן אָנטייל אין דער פאַרוואַלטונג פון דעם לאַנד. די פּראָטעסטן פון די אַרבעטער

און די אָרעמערע טײלן פֿון דער רעפּובליק, װי אױך די אַגיטאַציע פֿון מאַראַט'ן, האָבן גאָר ניט געהאָלפֿן.

דער ענגער קלאַסן־כאַראַקטער פֿון דער קאָנסטיטוציע פֿון 1791 װערט נאָך בולטער, װען מען פֿאַרגלײכט איר מיט דער דעקלאַראַציע פֿון די רעכט פֿון מענטשן, װאָס איז גוטגעהײסן געװאָרן פֿון דער זעלבער פֿאַרזאַמלונג אין אױגוסט 1789: „מענטשן װערן געבױרן פֿרײ און גלײך און בלײבן אַזױ. סאָציאַלע אונטערשײדן קענען בלױז זײן באַרעכטיקט אױף דעם גרונט פֿון דעם װאױלזײן פֿון דעם גאַנצן (לאַנד).... דער צװעק פֿון אַלע ציװילע פֿאַרבאַנדן איז די אױפֿהאַלטונג פֿון די נאַטירלעכע און אומאָפּנעמבאַרע רעכט פֿון מענטשן. דאָס זײנען פֿרײהײט, אײגנטום, זיכערקײט, און אַ װידערשטאַנד צו יעדער פֿאָרם פֿון אונטערדריקונג."

כדי זיך צו באַשיצן קעגן דער אַנטריסטונג פֿון די „פּאַסיװע" בירגער — די אַקטיװע אַנטײלנעמער אין דער רעװאָלוציע — האָט די גרינדונג־פֿאַרזאַמלונג דערקלערט אַ צושטאַנד פֿון מלחמה קעגן אַלע אומאָפּהענגיקע באַװעגונגען פֿון די מאַסן.

## די בלוט־באָד אױף דעם מאַרס־פֿעלד, יולי 17, 1791

אונטערן שוץ פֿון דער בורזשואַז־אַריסטאָקראַטישער פֿאַרזאַמלונג, האָט דער קעניג און די פּריװילעגירטע שטאַנדן צוגעגרײט אַ קאָנטער־רעװאָלוציאָנערע פֿאַרשװערונג. דעם 20סטן יוני, 1791, האָט דער קעניג געמאַכט אַ פֿאַרזוך צו אַנטלױפֿן קײן װאַרענעס, אױפֿן גרעניץ, כדי זיך אָנצושליסן אָן די (קאָנטער־רעװאָלוציאָנערע) עמיגראַנטן און די אױסלענדישע אַרמײען און צו דערקלערן אָפֿן אַ מלחמה אױף דער רעװאָלוציע. נאָר די פּאַטריאָטן אױפֿן װעג האָבן ניט געלאָזט דורכפֿירן דעם פּלאַן, און דער קעניג איז גע־בראַכט געװאָרן צוריק קײן פּאַריז. די אײנװאױנער פֿון פּאַריז האָבן דעמאָלט געמאַכט אַ פֿאַרזוך אַרונטערצװזעצן דעם קעניג און דערקלערן אַ רעפּובליק. דעם 17טן יולי, 1791, איז אױף דעם מאַרס־פֿעלד אין פּאַריז אַרױסגעשטעלט געװאָרן אַ פּעטיציע מיט פֿאָדערונג פֿון אַ רעפּובליק אױף דער איניציאַטיװע פֿון דעם באַרימטן דעמאָקראַטישן קלוב פֿון די קאָרדעליערן. די פּעטיציע איז אװעקגעלײגט געװאָרן אױף דעם אַלטאַר פֿון פֿרײהײט. נאָר די פּאַריזער שטאָט־פֿאַרװאַלטונג האָט געענטפֿערט אױף דער דעמאָנסטראַציע מיט דערקלערן קריגס־צושטאַנד, פֿאַנאַנדערגעװיקלט די רױטע פֿאָן — אין יענער צײט איז זי געװען די פֿאָן פֿון דער קאָנטער־רעװאָלוציע — און אַרױסגעגעבן אַ באַפֿעל צו שיסן אױף די דעמאָנסטראַנטן.

די גרױס־בורזשואַזיע האָט זיך געשראָקן פֿאַר דער שטאַרקער רעפּובלי־קאַנישער אַגיטאַציע; זי האָט אין יענער צײט געװאָלט פֿאַר יעדן פּרײז אױפֿהאַלטן די מאָנאַרכיע. אײנער פֿון אירע פֿאַרטרעטער, באַרנאַװ, האָט דערקלערט:

„איך שטעל די פֿונדאַמענטאַלע פֿראַגע: צי װילן מיר ברענגען די

רעוואָלוציע צו אַן ענד, אָדער ווילן מיר איר אָנהויבן נאָרמאַל פון דאָס ניי? איר האָט דערקלערט אַלע מענטשן גלייך פאַרן געזעץ; איר האָט געהייליקט ציווילע און פּאָליטישע גלייכהייט, איר האָט צוריקגעגעבן צו דער מלוכה אַלץ וואָס איז אַוועקגענומען געוואָרן פון דער אויבערהערשאַפט פון דעם פּאָלק. נאָר איין שריט ווייטער אין דער ריכטונג פון נאָך גרעסערער פרייהייט וועט מיינען די צעשטערונג פון דעם טראָן, איין שריט ווייטער אין דער ריכטונג פון גלייכהייט וועט מיינען די אָפּשאַפונג פון אייגנטום".

מיט אַזעלכע אַרגומענטן האָט די פאַרזאַמלונג, וואָס האָט מיט דער הילף פון די מאַסן באַגרעניצט די אומבאַשרענקטע מאַכט פון דער מאָנאַר־כיע, באַשלאָסן צו נעמען זיך צו הילף דעם אַבסאָלוטיזם כדי צו באַשיצן אייגנטום און אַטאַקירן די פּאָלקס־מאַסן. די שחיטה פון 17טן יולי איז נאָכגעפּאָלגט געוואָרן פון אַ פעריאָד פון פּאָליציי־טעראָר. פּאָפּולערע רעוואָ־לוציאָנערן האָבן געמוזט אַנטלויפן, ווי דאַנטאָן, אָדער זיך אויסבאַהאַלטן, ווי מאַראַט. דער ווייטערדיקער גאַנג פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז כמעט געווען באַשעפּטיקט ניט בלויז מיט דעם קאַמף פון די מאַסן, די אַרבעטער אין שטאָט און דאָרף, קעגן דער אַלטער געזעלשאַפט־לעכער אָרדנונג, נאָר אויך מיט דעם קאַמף פון די מאַסן קעגן דער גרויס־בורזשואַזיע, וואָס האָט זיך פאַראייניקט מיט דער אַלטער אָרדנונג פאַר דעם קאַמף מיטן פּאָלק. אָט דער קאָנפליקט האָט בלויז געקענט געלייזט ווערן דורך אַ נייעם רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד.

„באַטראַכט נאָר די טעטיקייט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג", האָט געשריבן מאַראַט, „און איר וועט זען, אַז זי ווערט אַקטיוו בלויז נאָך אַ פּאָלקס־אויפשטאַנד, אַז זי ברייננגט אַריין גוטע געזעצן בלויז נאָך אַ בונט, נאָר באַלד ווי רו ווערט איינגעשטעלט ווערן דורכגעפירט שלעכטע געזעצן."

די געשיכטע פון דער רעוואָלוציע פון 1789 ביז 1791 דינט אונדז אַלס אַ דירעקטע באַשטעטיקונג פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק. די בורזשואַזע רעוואָלוציע קען בלויז זיין דערפּאָלגרייך אויף אַזויפיל אויף וויפיל די מאַסן פון דעם פּאָלק נעמען אין איר אַנטייל אַלס אַן אַקטיווער רעוואָלוציאָנערער כח. די פּראָקלאַמירונג פון דער קאָנסטי־טוציע פון 1791 האָט ניט פאַרענדיקט די רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך ערשט דעמאָלט ווירקלעך אָנגעהויבן. די פויערים פראַגע איז ניט געלייזט געוואָרן. די באַרייכערונג פון דער בורזשואַזיע האָט מיט זיך געבראַכט די פאַראָרעמונג פון דעם אַרבעטער, דעם האַנטווערקער און גרויסע טיילן פון דער קליין־בורזשואַזיע.

## דער בירגער־קריג אין פראַנקרייך

די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געמוזט אַרויסרופן דעם צאָרן פון די פעאָדאַלע מלוכות; די אַבסאָלוטיסטישע רעגירונגען פון אייראָפּע זיינען

אויפגעשטאַנען קעגן איר. שפּעטער האָט זיך אָן זיי אָנגעשלאָסן אויך די בורזשואַז־אַריסטאָקראַטישע ענגלאַנד, וואָס האָט גאָרנישט געהאַט קעגן אַ קאָנסטיטוציאָנעלער פראַנקרייך, נאָר האָט אָבער ניט געוואָלט דערלויבן צו גרינדן דאָרטן אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק. די פאָלקס־באַוועגונג אין לאַנד איז אָבער געטריבן געוואָרן פאָראויס דורך דעם הונגער און נויט פון די מאַסן, דורך דער שנאה פון די פּויערים צו די לאַנד־באַראָנען, די שנאה פון די אָרע־מע צו די רייכע און דורך דער מלחמה פון דער אייראָפּייאישער קאָאַליציע.

דער פרילינג און זומער פון 1792 באַצייכענען אַן איבערגאַנגס־פּעריאָד אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע. די בורזשואַזיע, ווידי מאַסן האָבן עס אָנגעהויבן איינזען אַלץ מער קלאָר, איז פאַר קיין פאַל ניט געווען גענייגט צו לייזן די פונדאַמענטאַלע פּאָליטישע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע, הויפּטזעכלעך דערפאַר, ווייל זי האָט מורא געהאַט פאַר די פאָלקס־מאַסן. די אַלטע אָרדנונג איז דעריבער ניט פאַרשוואונדן, נאָר איז אפילו געווען בכוח צו געבן אַן ערנסטן ווידערשטאַנד דער רעוואָלוציע. די מאַסן האָבן ערשט פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט אַרויסצונעמען די אי־ניציאַטיווע פון די הענט פון דער בורזשואַזיע. דער בלאָק (פאַרבאַנד) פון די אַרבעטער און דער קליין־בורזשואַזיע האָט געמוזט פּרוּוון לייזן די פּראָבלעמען פון דער רעוואָלוציע. און זיי זיינען געלעזט געוואָרן, ניט צווישן די פיר ווענט פון דער ניי־דערוויילטער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג, וואו די בורזשואַזיע האָט, אַ דאַנק דעם געזעץ וועגן אַקטיווע און פּאַסיווע בירגער, געהאַט די מאַיאָריטעט, נאָר אין בירגער־קריג.

דער רעכטער פליגל פון דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט דעם 2טן אָקטאָבער, 1791, איז באַשטאַנען פון די קאָנסטי־טוציאָנאַליסטן, די פאַרטרעטער פון דער סוחר'ישער און אינדוסטריעלער בורזשואַזיע, די דעפּוטאַטן פון די רייכע פּראָווינצן, די דעפּאַרטמענטן פון זשיראָנדיסטן. די לינקע מינדערהייט פון דער פאַרזאַמלונג, וועמעס הויפּט־כוח עס איז געלעגן אין די קאָמונעס פון פּאַריז, איז באַשטאַנען פון 136 יאַקאָבינער — אַזוי גערופן, ווייל זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אין אַ יאַקאָבינער מאָנאַסטיר — וועלכע האָבן באַלד איבערגענומען די פירערשאַפט פון דער רעוואָלוציע.

די אומצופרידנהייט פון די פּויערים איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג; אין די הונגעריקע שטעט זיינען אויך די אָרימע געווען פונקט אַזוי שטאַרק אויפגעבראַכט קעגן דער זעלבסט־זיכטיקער פּאָליטיק פון דער בורזשואַזיע. אין אַ פּעטיציע צו דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג אין פעברואַר 1792 דערקלערט דער הורטאָוער הענדלער דעלביער:

„מיינע שפּייכלערס זיינען אָנגעשטאָפּט מיט צוקער, קאָפע, אינדיגאָ (אַ בלויער פאַרב), קאַטן א. א. וו.; פאַר גאַנץ פראַנקרייך און אייראָפּע פאָדער איך, אַז די פאַרזאַמלונג זאָל מיר ניט שטערן צו טאָן מיט מיין אייגנ־טום ווי מיר וועט אַמבעסטן געפעלן, און פון פאַרקויפן די סחורות פאַר פּרייזן, וועלכע איך האַלט פאַר פּאַסיק. די סחורות זיינען מיין אייגנטום".

די פאָלקס־באַוועגונג האָט אויף אַזאַ אופן באַעגנט דעם פיינט ניט בלויז אין דער פאָרם פון די אַלטע פעאָדאַלע באַראָנען, נאָר אויך פון די נייע מאַגנאַטן, די גרויס־בורזשואַזיע. דער בירגער־קריג איז אויסגעבראָכן. פון דעם זומער 1792 האָבן צוויי קלאַסן באַקעמפט איינע די אַנדערע: די זיגרייכע בורזשואַזיע, וואָס האָט זיך באַמיט אויסצונוצן די רעוואָלוציע פאַר אירע אייגענע רויבערישע אינטערעסן און פאַר דורכפירן איר פאָדערונג אָפּצושאַפן אַלע האַנדלס־באַגרענעצונגען, און דאָס שטאָטישע קליינבירגער־טום, וואָס איז איצט געוואָרן דער פירער פון די פויערים און ארבעטער און געפאָדערט די פולשטענדיקע אָפּשאַפונג פון פעאָדאַלע רעכט און די באַגרע־נעצונג פון קאַפּיטאַליסטישער אָנזאַמלונג. דאָס מיינט נישט, אַז די קליין־בורזשואַזיע איז געווען געגן אָפּצושאַפן די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט. צוגלייך מיט די זשיראָנדיסטן, די פאַרטרעטער פון דער בורזשואַזיע, האָבן דיפירער פון דער קליין־בורזשואַזיע, די יאַקאָבינער, געהאַלטן פּריוואַט־אייגנטום פאַר אַ הייליקע אינסטיטוציע. די יאַקאָבינער האָבן בלויז צוריק־געוויזן די זשיראָנדיסטישע פאָרמולע, אַז דאָס רעכט פון אייגנטום מיינט „די פולשטענדיקע און אומאַפּנעמבאַרע רעכט צו טאָן מיט דעם אייגנטום לויט דעם באַזיצער׳ס אייגענער אורטיילונג“. זיי האָבן דערקלערט, אַז דאָס רעכט פון אויפגעבן אייגנטום מוז רעגולירט ווערן דורך געזעץ, אַז געוויסע באַגרע־נעצונגען מוזן אַרויפגעלייגט ווערן אויף רייכטום. דער דיספּוט האָט זיך דעריבער געדרייט בלויז וועגן די גרענעצן פון קאַפּיטאַליסטישער אָנזאַמלונג. דער פירער פון די יאַקאָבינער, מאַקסימיליאַן ראָבעספּיער, וועמעס אויטאָ־ריטעט עס איז שטאַרק געוואַקסן פון זינט דעם הארבסט פון 1792, האָט פאַרזיכערט, אַז די יאַקאָבינער האָבן ניט געוואָלט באַזייטיקן די רייכע, נאָר בלויז פאַרזיכערן, אַז אָרעמקייט זאָל קריגן די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט“.

### II.

## דער צווייטער פּעריאָד: די רעוואָלוציע פון די יאַקאָבינער און זייער דיקטאַטור (1792-4)

### דאָס שטורעמען די טוילעריס, אויגוסט 10, 1792

איידער מען האָט נאָך געקענט ווירקלעך באַשטימען דעם כאַראַקטער פון דער צוקונפטיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג, האָט מען זיך געמוזט צערעכענען מיט די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן אין דער היים און אין אויסלאַנד. דער קעניג איז נאָך אַלץ געווען דער זאַמל־צענטער און הויפּט פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע. אין זיין נאָמען זיינען עס אויפגעשטאַנען די פּריווילעגירטע קלאַסן, און די אייראָפּייאישע קאָאַליציע (דער פאַרבאַנד פון די פעאָדאַלע רעגירונגען פון עסטרייך, פּרייסן און רוסלאַנד) האָט אָנגעהויבן אַ מלחמה אויף פראַנקרייך אין אַפּריל 1792, כאָטש פאָרמעל האָט פראַנקרייך דער־קלערט מלחמה. די זשיראָנדיסטן האָבן נאָך אַלץ געהאָפט, אַז די מלחמה

וועט אָפּהאַלטן דעם וואוקס פון דעם קלאַסן־קאַמף אין דער היים. נאָר כּדי צו אָפּווישן די שונאים פון דער רעוואָלוציע אינעווייניק און אויסערן לאַנד, איז געווען נויטיק צו מאָביליזירן די מאַסן פאַר אַ נייעם אויפשטאַנד קעגן דער מאָנאַרכיע. אַט די איבערקערעניש — דאָס שטורעמען פון די טוילעריס — איז פאָרגעקומען דעם 10טן אויגוסט, 1792: זי איז אָנגעפירט געוואָרן פון דער פּאַריזער מוניציפּאַליטעט (שטאָט־פּאַרוואַלטונג) און איז געשטיצט געוואָרן פון באַוואָפנטע פּאַטריאָטן, וואָס האָבן געשטראָמט פון די פּראָווינצן קיין פּאַריז, און שפּעטער צו די גרענעצן פון פראַנקרייך צו באַקעמפן די ארמייען פון די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע עמיגראַנטן און דער פעאָדאַלער אייראָפּע. פון אָנהייב האָבן די פראַנצויזן געליטן ערנסטע מפּלות אין דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער מלחמה. נאָר נאָכדעם ווי די מאָנאַרכיע איז געפאַלן דעם 10־טן אויגוסט האָבן די רעוואָלוציאָנערן דערקלערט אַ מלחמה די שונאים פון פאָלק. די אויפגאַבן פון דער דרויסנדיקער מלחמה איז איצט צונויפגעפאַלן מיט די פּראָבלעמען פון שטויסן ווייטער די רעוואָלוציע אין דער היים. „דאָס פאַטערלאַנד איז אין געפאַר", איז געווען דער רוף פון דער רעוואָלוציע. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַוואָפענען אַלע בירגער, אַקטיווע און פּאַסיווע, פאַר דעם קאַמף קעגן דעם שונא.

דער אויפשטאַנד פון 10טן אויגוסט, 1792, האָט אַ חוץ אָפּשאַפן די מאָנאַרכיע, פאַרניכטעט די אַריסטאָקראַטישע קאָנסטיטוציע. פראַנקרייך איז געוואָרן אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, געבוירן אין ביטערן קאַמף. ווען די פּאַריזער איינוואוינער, נאָכן זיגן איבער דער מאָנאַרכיע, האָבן זיך דערוואוסט וועגן די נייע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע פאַרשווערונגען און פון די זיגן פון די פּאַראייניקטע אַרמייען, האָבן זיי באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף צו דער קאָנטר־רעוואָלוציע אין לאַנד איידער זיי לאָזן זיך אַוועק צו די גרענעץ־פראָנטן. דעם 2טן און 3טן סעפּטעמבער זיינען אַרום 1,600 קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן אין די פּאַריזער טורמעס הינגעריכטעט געוואָרן פון די רעוואָלוציאָנערע מאַסן מיט דער שטיצע פון די מוניציפּאַלע באַאַמטע פון פּאַריז. נאָכ'ן פּטור ווערן פון דעם שונא אין הינטערלאַנד, האָבן די מאַסן זיך אַוועקגעלאָזן צום גרענעץ, זינגענדיק די „מאַרסעליעזע", דעם הימן פון דער זיגרייכער רעוואָלוציע. די געזעצגעברישע פאַרזאַמלונג האָט געפּרוווט שטערן דער רעוואָלוציע פון אויגוסט־סעפּטעמבער, 1792; און די גרויסע מאַיאָריטעט פון דער פאַרזאַמלונג, איינגעשלאָסן די זשיראָנדיסטן, האָבן געפּרוווט ראַטעווען דעם קעניג. נאָר דער דרוק פון די מאַסן און די אַגיטאַציע געפירט פון מאַראַט האָבן געצוואונגען דער פאַרזאַמלונג זיך אויפצולייזן און צוזאַמענצורופן אַ רעוואָלוציאָנערע רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט, די קאָנווענשאָן, וואָס איז דערווײלט געוואָרן דורך אַלגעמיינער וואַל־רעכט.

## די קאָנווענשאָן

מאַרקס האָט געזאָגט, אַז די געשיכטע פון דער קאָנווענשאָן איז די גע־

שיכטע פון דעם בירגער־קריג אין פראנקרייך. די קאָנווענשאָן האָט אָנגעהויבן איר ארבעט דעם 20סטן סעפּטעמבער, 1792, און דער 22סטער סעפּטעמבער איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אלס דער ערשטער טאָג פון דעם ערשטן יאָר פון דער רעפּובליק.

די רעוואָלוציאָנערע מינאריטעט פון דער קאָנוונשאָן איז הויפּטזעכלעך באשטאנען פון די פּאריזער דעפּוטאטן. די קעגנערישע באדייטנדיקע מאַיאָריטעט איז אָנגעפירט געוואָרן פון די מעסיק־רעפּובליקאנישע פראקציעס, די פאָרטרעטער פון האנדל און אינדוסטריע (די זשיראָנדיסטן). דער פאָלגנדיקער דעקרעט, מיט וועלכן די קאָנווענשאָן האָט אָנגעהויבן איר ארבעט, שפּיגלט אָפּ אָט דעם סאָציאלן צוזאמענשטעל:

„בלויז א קאָנסטיטוציע, וואָס ווערט אָנגענומען פון דעם פאָלק, איז געזעצלעך; פּערזאָן און אייגנטום ווערן באשיצט פון דער נאציע; אויף וויפיל זיי ווערן ניט געענדערט, בלייבן אין קראפט אלע איצטיקע געזעצן; אלע באאמטע פארבלייבן דערווייל אויף זייערע פּאָסטנס און אלע פעסטגעשטעלטע צינזן און פארפליכטונגען מוזן געדעקט ווערן“.

די געשיכטע פון דער קאָנוועגשאָן טיילט זיך איין אין פיר פּעריאָדן:

1. פון סעפּטעמבער 1792 ביז יוני 2, 1793 (דער זיג פון די יאַקאָבינער).

2. פון יוני 1793 ביז אפּריל 1794 (די רעוואָלוציאָנערע דיקטאטור אַרן די צוריקשטויסונג פון די קאָאַליציע־ארמייען).

3. פון דעם פרילינג פון 1794 ביז דעם פאַלן פון ראָבעספּיער אין דעם 9טן טערמידאָר (27סטן יולי), 1794.

4. די אַזוי גערופענע „קאָנוועגשאָן פון טערמידאָר“.

## זשיראָנדיסטן און יאַקאָבינער (סעפּטעמבער 1792 ביז 12טן יוני 1793)

די קארדינאלע פראגע, וואָס די קאָנוועגשאָן האָט געהאט פאר זיך אין יאנואר 1793, איז געוועזן די מאָנארכיע. די זשיראָנדיסטן האָבן געפּרואווט ראטעווען דעם קעניג און די מאָנארכיע, ווייל זיי האָבן געגלויבט, אַז דורכדעם וועלן זיי קענען מאכן א סוף צו דער מלחמה פון די אָרעמע קעגן די רייכע. נאָר די שטעלונג פון דעם קעניג אלס הויפּט פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע, און די באווייזן פון זיינע פארהאנדלונגען מיט די פאָרטרעטער פון דעם איירא־פּייאישן אליאנץ, האָבן באשטימט דעם שיקזאל פון דער מאָנארכיע. דעם 21סטן יאנואר, 1793, איז דער קעניג הינגעריכטעט געוואָרן, נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן דעבאטן צווישן זשיראָנדיסטן און די יאַקאָבינער איבער די פונדאמענטאלע סאָציאלע פּראָבלעמען פון דער צייט, ספּעציעל די פראגע פון דעם פּויערטום, שפּייז־באזאָרגונג, פינאנס־פּאָליטיק פון דער רעגירונג. דער שטרייט צווישן די יאַקאָבינער דעפּוטאטן — זיי זיינען גערופן געוואָרן „מאונטיין“ (דער „בארג“). צוליב דער הויכער פּאָזיציע, וואָס זיי האָבן פאר־נומען אין זאל — און די זשיראָנדיסטן איז געווען ארום די פראגן: צי זאָל

מען אָפּשאַפן אַלע פעאָדאַלע לאַסטן אָן שום קאָמפּענסאַציע (פאַרגיטיגונג); צי קאָמונאַלע איינגנטור זאָל איבערגעלאָזן ווערן אין די הענט פון דער דאָרף־געמיינדע; צי זאָל דערקלערט ווערן אַ מלחמה אויף ספּעקולאַנטן און אַזעלכע, וואָס פאַרהאַלטן באַ זיך שפּייז אין דערוואַרטונג פון אַ שטייגן אין די פּרייזן; צי זאָל אַרויסגעגעבן ווערן אַ געזעץ, וואָס שטעלט פעסט אַ מינימום באַשטייערונג פון תבואה און אַנדערע אַרטיקלען פון דרינגנדיקער נויטווענדיקייט; צי זאָל מען פאָדערן פון די רייכע ספּעציעל־הויכע באַשטייערונגען; און לסוף, צי זאָל מען אין דעם איצטיקן מאָמענט אָנווענדן פּאָליטישן טעראָר. די זשיראָנדיסטן זיינען געווען קעגן יעדער אַטאַקע אויף אייגנטום: זיי האָבן פּראָטעסטירט קעגן ספּעציעלע שטייערן אויף קאַפּיטאַל, זיי זיינען געווען קעגן דער איינפירונג פון אַ תבואה־שטייער און פאַרטיידיקט דעם פּרינציפּ פון פרייען האנדל. נאָר די זשיראָנדיסטן זיינען געבליבן אין דער פירערשאַפט בלויז אויף אַזוי לאַנג ווי די רעוואָלוציאָנערע אַרמייען האָבן אָפּגעהאַלטן נצחונות איבער דעם פאַראייניקטן מיליטער. אין דעם פרילינג פון 1793 האָט זיך דער זיג פאַרוואַנדלט אין מפּלה. גענעראַל דומאָרעז, אַ פירער פון דער אַרמיי און אַ זשיראָנדיסט, איז אַריבערגעגאַנגען צו די עסטרייכער. צוליב שלעכטער סטראַטעגיע האָבן די רעוואָלוציאָנערע אַרמייען געמוזט צוריקטרעטן, און די נייע רעוואָלוציע קעגן דער בורזשואַזיע איז געוואָרן אַ פאַקט.

„איר ווילט וויסן", האָט געזאָגט דער יונגער ראָבעספּיער, אַ ברודער פון דעם יאַקאָבינישן פירער, „ווער עס האָט געגעבן דעם סיגנאַל דעם 2טן יוני (ווען מ'האָט אַרעסטירט 29 פירער פון די זשיראָנדיסטן)? איך וועל אייך זאָגן: דער פאַרראַט פון אונדזערע גענעראַלן, דער ברוך פון צוטרוי, וואָס האָט איבערגעגעבן דעם לאַגער פון פאַמאַר צו דעם שונא, די באָמבאַרדירונג פון וואַלענסיען, די אומצופרידנקייט, וואָס איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דער צפון־אַרמיי..."

„און דער עגאָאיזם פון די רייכע", האָט צוגעגעבן מאַראַט.

## דער זיג פון די יאַקאָבינער. און די קאָנסטיטוציע פון 1793

דער בירגער־קריג האָט געבושעוועט איבערן גאַנצן לאַנד. די זשיראָנדיסטישע דעפּוטאַטן, וועלכע מ'האָט אַרויסגעטריבן פון דער קאָנווענשאָן דעם 31סטן מאַי און 2טן יוני, האָבן זיך אויף שנעל אַ לאָז געטאָן אין די פּראָווינצן און דאָרטן אויפגעהויבן די פאָן פון רעוואָלט (צווישן די פויערים פון דער וואַנדעי). צוויי דריטל פון אַלע פּראָווינצן פון פראַנקרייך זיינען אויפגעשטאַנען קעגן דער פּאַריזער מוניציפּאַליטעט און דער קאָנווענשאָן. נאָר דאָס פויערטום און די שטאָטישע אָרעמקייט האָבן געראַטעוועט די רעוואָלוציע.

נאָכדעם ווי די יאַקאָבינער האָבן באַזיגט די זשיראָנדיסטן, זיינען זיי באַלד צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן אַ נייע קאָנסטיטוציע, באַוואוסט אַלס די

קאָנסטיטוציע פון 1793. די נייע רעוואָלוציע האָט איינגעפירט אוניווערכאַלע (אַלגעמיינע) וואַל־רעכט און דעם פּלעביסציט (פאָלקס־אָפּשטימונג). זי האָט דערקלערט, אַז ס׳איז דער פליכט פון דער געזעלשאַפט צו באַשיצן גלייכהייט, פרייהייט, זיכערקייט און אייגנטום; נאָר אין אונטערשייד פון דער 1791 קאָנסטיטוציע, האָבן די יאַקאָבינער, אויך דאָבעספיערס אָנווייזונג, דערקלערט אין זייער נייער קאָנסטיטוציע:

„די געזעלשאַפט איז שולדיק שטיצע צו ניטבאַדערפטיקע בירגער; זי באַזאָרגט זיי מיט ארבעט אָדער שטעלט צו יענע, וואָס זיינען ניט בכוח צו ארבעטן, די מיטלען פון עקזיסטענץ“.

דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג האָט אויסגעוויזן, אַז דאָס וועט קענען זיין אַ לייזונג פאר דער סאָציאַלער פּראָבלעם.

נאָר די גוטהייסונג פון דער קאָנסטיטוציע האָט ניט געמיינט דער סוף פון דעם בירגער־קריג. צוליב דעם וואָס דאָס לאַנד איז נאָך אַלץ געווען צעריסן פון מיינונגס־פארשיידנהייטן און קאַמף, האָט די קאָנווענשאָן באַשלאָסן אָפּצולייגן דעם דאַטום, ווען די נייע קאָנסטיטוציע זאָל אַריין אין קראַפט, אויף מער פרידלעכע צייטן. פראַנקרייך איז איצט רעגירט געוואָרן דורך דער דיקטאַטור פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. נאָר די רעגירונג איז אויפגעהאַלטן געוואָרן ניט בלויז דערפאר וואָס זי האָט זיך באַנוצט מיט טעראָריסטישע מיטלען, נאָר ווייל זי איז געשטיצט געוואָרן פון די ארבעטער אין שטאָט און דאָרף און דורכגעפירט אַ ברייטע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פּאָליטיק.

אַלס איר ערשטע אויפגאַבע אין דעם זומער פון 1793, האָט די קאָנווענשאָן, כדי זיך צו ספּראַווען מיט דער פויערים־פראַגע, אָפּגעשאַפט אַלע בעאָדאַלע פארפליכטונגען און לאַכטן אָן שום קאָמפּענסאַציע, אומגעקערט די קאָמונאַלע לענדערייען צו די דאָרף־געמיינדעס, און געגעבן מיטלען צו מאַכן לייכטער דעם באָדן־פארקויף פון די מלוכה׳שע מאַיאָנטקעס צו די פויערים. אָט די אַגראַר־געזעצן האָבן בשום אופן ניט פאָרגעשטעלט מיט זיך קיין פארזוך מצד דער קאָנווענשאָן איינצופירן אַ קאָמוניסטישע געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג אין די דערפער. דער דעקרעט וועגן דער באַפרייאונג פון דעם פויער פון פעאָדאַלע לאַכטן פון 17טן יוני, 1793, דערקלערט, אַז ער באַציט זיך בלויז אויף די צאָלונגען צו די פעאָדאַלע באַראָנען; אין דער צייט וואָס דער דעקרעט וועגן קאָמונאַלע לענדערייען, פון 10טן יוני, לייענט זיך:

„ס׳איז ניט דער צוועק פון דעם געזעץ צו טשעפּען דאָס געזעצלעכע פּריוואַטע אייגנטום, נאָר בלויז אָפּצושאַפן די מיסברויכונג פון פעאָדאַלער מאַכט און דאָס הפקרדיקע פארכאַפּונג פון באָדן“.

נאָכדעם ווי די קאָנווענשאָן האָט אויף דעם אופן געגעבן איר רעוואָלוציאָנערע לייזונג צו דער פויערים־פּראָבלעם, האָט זי פונקט אויף אַזאַ ראַדיקאַלן שטייגער אויך באַהאַנדלט די פראַגע פון באַזאָרגונג. ניט וועלנדיק אָפּשאַפן אייגנטום, האָט זי אָבער זיך ניט אָפּגעהאַלטן פון אַטאַקירן די

אינטערעסן פון דער קאַפּיטאַליסטישער בורזשואַזיע. אין סעפּטעמבער 1793 איז אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ, וואָס באַשטימט מאַקסימום פּרייזן פאַר תבואה און אַנדערע לעבנס־וויכטיקע אַרטיקלען. דאָס איז אויך באַלד נאָכגעפאָלגט געוואָרן פון שטרענגער געזעצגעבונג קעגן ספּעקו־לאַציע. דערזעלבער דעקרעט האָט אָבער אויך באַשטימט דעם מאַקסימום לוין פאַר דעם אַרבעטער, פאַר שטיק־אַרבעט און פאַר צייט־אַרבעט. די קאָנ־ווענשאָן האָט אויך אָנגענומען אַ צאָל וועגן הילף פאַר די אַרבעטלאָזע און פּענסיעס פאַר די אַלטע מענטשן, און אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם פון עפנט־לעכע אַרבעטן פאַר די נויטבאַדערפטיקע.

אונטערן דרוק פון דער ביטערער מלחמה קעגן דעם אינעווייקסטן און אויסנווייניקסטן שונא האָט די קאָנווענשאָן זיך נישט געוואַקלט צו באַנוצן מעטאָדן פון קלאַסן־טעראָר. סאַן זשוסט, אַ פירער פון דער קאָנווענשאָן און איר פאַרטרעטער פאַר דער אַרמיי, האָט געשריבן אין אַן אַרמיי־באַפעל:

„דער פאַרטרעטער פון דעם פאָלק באַפוילט דעם בורגמייסטער פון שטראַסבורג צו שאַפן אין משך פון היינטיקן טאָג 100,000 ליווערס פון שטאָט, וואָס זאָלן געקראָגן ווערן פון די רייכע און באַנוצט ווערן צו שטיצן די אָרימע פאַטריאָטן, די אלמנות און יתומים פון די סאָלדאַטן, וועלכע זיינען געפאַלן פאַר דער זאַך פון פרייהייט. יענע רייכע פערזאָנען, וואָס ווע־לן ניט ביישטייערן זייער געלט, זאָלן געשטעלט ווערן צום שאַנד־קלאָץ“.

און אָט איז אַ צווייטער באַפעל:

„הונדערט טויזנט מענער אין דער אַרמיי זיינען באָרוועס. עס ווערט באַפוילן, אַז אין משך פון דעם היינטיקן טאָג זאָל גענומען ווערן שוכוואַרג פון אַלע אַריסטאָקראַטן פון שטראַסבורג און 10,000 פּאָר שיך זאָלן גע־בראַכט ווערן אין די העדקוואַרטערס מאָרגן 10 אַזייגער אינדערפרי“.

## די רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור

כדי דורכצופירן די מאַסמיטלען, סאָציאַל, עקאָנאָמיש און פּאָליטיש צו פאַרשטאַרקן די רעוואָלוציע און פאַרלייכטערן דעם קאַמף קעגן דעם שונא, האָט געמוזט געשאַפן ווערן אַ שטאַרקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונגס־כוח. פאָרמעל, איז עס געווען די קאָנווענשאָן, וואָס האָט פאַרקערפּערט די רעגי־רונגס־מאַכט פון דער רעוואָלוציע. נאָר די קאָנווענשאָן האָט רעגירט, ניט דירעקט, נאָר דורך די קאָמיטעטן פון עפנטלעכן־וואוילזיין און עפנטלעכער־זיכערקייט. אין די צוויי קערפּערשאַפטן זיינען געווען קאָנצענטרירט די ווירקלעכע קרעפטן פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. דער קאָמיטעט פון עפנטלעכן וואוילזיין איז רעגירט געוואָרן מיט דער הילף פון קאָמיסאַרן, וואָס זיינען צעשיקט געוואָרן אין דער אַרמיי און אין די פּראָווינצן; ער האָט געצויגן זיינע קרעפטן פון די לאָקאַלע יאַקאָבינישע קלובן, וואָס האָבן אויס־געשלאָסן אַלע, וועלכע האָבן ניט געשטיצט די קאָנווענשאָן און ביז אַ געוויסן

גראַד געוואָרן פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. מיט דער הילף פון לאָקאַלע רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן, די וואַכזאַמע אויגן פון דער דיקטאַטור אויף די ערטער, האָט דער קאָמיטעט פון עפנטלעכן וואוילזיין זיך געשפּראָוועט מיט די שונאים פון דער רעוואָלוציע. דער מעטאָד פון דער רעגירונג איז געווען דער מעטאָד פון טעראָר, געווענדעט קעגן אַלע פאַרדעכטיקע פּערזאָנען, קעגן אַלע וועלכע „שטרעבן אָפּצושאַפן אוניווערסאַלע פרייהייט, אַגיטירן פאַר דער איינפירונג פון דער קעניגלעכער מאַכט און אויפלעזן די קאָנווענשאָן; וועלכע זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער נויט, וועלכע פאַרלוימדן די רעגירונג, ניט בלויז די קאָנווענשאָן, נאָר אינדיווידועלע פירער, די אַמבאַסאַדאָרן פון דער רעוואָלוציע, קעגן אַלע וועלכע פאַרשפּרייטן ליגנערישע קלאַנגען, דערמוטיקן פּחדנות און גראָבן אונטער די מאָראַל,“ א. אז. וו. (דירעקט פון 22סטן פּרעיריעל פון דעם צווייטן יאָר פון דער רעוואָלוציע).

ליוט זיין סאַמע עצם איז דער טעראָר פון דער קאָנווענשאָן געווען אַ קלאַסן־טעראָר; ער האָט געמאַכט אַן אונטערשייד צווישן די רייכע און די אָרעמע. כאָטש אין די ביכער פון די רעוואָלוציאָנערע טריבונאַלן קענען מיר געפינען נעמען פון קליינבירגער און פּויערים, זיינען זיי געוויינלעך מענטשן, וואָס האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט פון די נידעריקערע פאָלקס־שיכטן, מענטשן, וואָס האָבן געפּרואווט אַליין דערהויבן ווערן אין מאַכט און כבוד אויפן חשבון פון דער אַלגעמיינער נויט פון דער באַפעלקערונג. אַזעלכע קליינע מענטשן, וואָס זיינען פאַראורטיילט געוואָרן פון די רעוואָלוציאָנערע טריבונאַלן, זיינען וואַרשיינלעך געווען שולדיק אין בייזוויליק דיסאָרגאַניזירן די נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט און די רעוואָלוציע.

## פראַקציאָנעלע קאַמפן צווישן די יאַקאָבינער

אין דעם זומער פון 1794 האָט דער רעוואָלוציאָנערער טעראָר געבראַכט פרוכט. די רעוואָלוציאָנערע אַרמייען האָבן צוריקגעשטויסן די אַטאַקעס פון דעם שונא. די אויפשטאַנדן אין די זשיראָנדיסטישע פּראָווינצן זיינען אונטערדריקט געוואָרן, די קאָנטער־רעוואָלוציע איז געוואָרן געצוימט. נאָר די סאָציאַלע פּראָבלעם איז נאָך ניט געלייזט געוואָרן און דער הונגער האָט נאָך אַלץ געשוועבט איבערן גאַנצן לאַנד. אויף דער שטופּע איז אויסגעבראָכן אַ קאָנפליקט צווישן די פאַרשיידענע גרופּן פון די יאַקאָבינער. אויף דעם רעכטן פליגל פון דעם יאַקאָבינישן בלאָק זיינען געשטאַנען דאַנטאָן און דעמולין, פאַרטרעטער פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ, די „מעקענע“ פון דער אַלטער סוחרישער בורזשואַזיע. אין דער גרופּע זיינען געווען ניט ווינציק אַזעלכע, וואָס זיינען רייך געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע. דאַנטאָן אַליין, ווי א. מאַטיעז האָט באַוויזן, איז געווען פאַרמישט אין ספּעקולאַציעס און האָט געפירט פאַרהאַנדלונגען מיט פּיטן און פּריער מיט אַגענטן פון דעם פראַנצויזישן קעניג. אין דעם צענטער פון דעם בלאָק איז געשטאַנען די גרופּע פון ראָבעספּיער, סאַן זשוסט און קוטאָן, פאַרטרעטער פון דער

שטאָטישער און דאָרפישער קליין־בורזשואזיע. אין לינקן פליגל זיינען געשטאַנען די אָנהייבער פון מאַראַט, הערבערט און שאָמעט, אומגעווינלעך פּאָפּולער אין די פּאַריזער פאָרשטעט, וואָס האָבן פאַרטראָטן די רואינירטע טיילן פון דער קליין־בורזשואזיע, די האַנטווערקער, די קרעמער, ווי אויך די דעקלאַסירטע עלעמענטן פון דער אינטעליגענציע. סאמע לינקס איז גע־שטאַנען די גרופּע פון אַזויגערופענע „אויסגלייכער", אָנגעפירט פון זשאַק רו, וואַרלע, לעקלער, פאַרטרעטער פון די פּאַראָרימטע ארבעטער און קליינ־בירגערלעכע מאַסן פון דער הויפּט־שטאָט.

צום סוף פון 1793 און אָנהויב 1794, דאָס איז, אין דער צייט ווען דער בירגער־קריג איז נאָך אָנגעגאַנגען, האָבן די אָנהענגער פון דאַנטאָן גע־פירט פּראָפּאָגאַנדע פאַר איינקייט פון דעם רעוואָלוציאָנערן פראָנט אונטער׳ן שוץ פון אייגנטום. זיי האָבן געפאָדערט, אַז „גוואַלט זאָל פאַרביטן ווערן מיט הומאַניטעט (מענטשן־ליבע). זיי האָבן געפאָדערט, ווי פּשרה־מאַכער האָבן געטאָן אין אַלע צייטן, אַ קאָמבינאַציע פון די 2 עלעמענטן. „אין דער קאָמבינאַציע פון די צוויי זען מיר די ריכטונג פון דער פּאָטערלאַנד", האָבן זיי געזאָגט. די גרופּע, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט העבערטן און שאָמעטן, וועלכע האָבן געהאַט זייערע וואָרצלען אין דער פּאַריזער מוניציפּאַליטעט, איז באַשטאַנען אויף דער פאָרטזעצונג פון דעם טעראָר. ניט האָבנדיק קיין באַשטימטע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פּראָגראַם (זיי האָבן געפאָדערט „פּראַקטישע גלייכהייט") האָבן זיי אונטערבראָכן די פּראָפּאַגאַנדע פון אַטע־איזם, פון שטאַרקערע טעראָר־מעטאָדן, פון די נעגאַטיווע זייטן פון דעם קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם. און אָט פון דער גרופּע זיינען עם שפּעטער אַרויסגע־וואָקסן די אידייען פון באַבואוויזם (די לערן פון באַבעף).

נאָכדעם ווי ראָבעספּיער און זיינע אונטערשטיצער האָבן דורכגעפירט די הויפּט אויפגאַבע פון דער רעוואָלוציע, די אָפּשאַפונג פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג, און אין זומער פון 1793 געלייזט די נעגאַטיווע פּראָבלעם פון דער רעוואָלוציע, פריי מאַכנדיק דעם וועג פאַר בורזשואַזער אַנטוויקלונג אין פראַנקרייך, זיינען זיי ביים אָנהייב 1794 שוין אָנגעגאַנגען מיט זייער פּאָזיטיווער פּראָגראַם. לויט די טענות פון די שונאים האָט ראָבעספּיער געוואָלט „סאַן־קולאָטירן" יעדערן און יעדע זאַך, רעדוצירן אַלץ צו גלייכהייט. פון סאַן זשוסטס איבערגעלאָזטן פראַגמענט „וועגן סיסטעם פון רעפּובליקאַנישע אינסטיטוציעס" דערוויסן מיר זיך, אַז דער טעאָרעטיקער פון דער יאַקאָבינישער דיקטאַטור האָט געוואָלט מ׳זאָל גרינדן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע רעפּובליק — אַ „געזעלשאַפט פון גלייכע אייגנטום־באַזיצער" — אָפּשאַפן אָרעמקייט און צעטיילן די ערד צווישן די נויט־באַדערפטיקע. פונדאַמענטאַל איז עס בלויז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע אוטאָפּיע, אָט די „ממשלה פון טוגנט", וואו אַגריקולטור האָט געדאַרפט זיין די הויפּט־באַשעפטיקונג פון די מענטשן. אָנהייב 1794 האָט די קאָנ־ווענשאָן, אונטערן איינפלוס פון ראָבעספּיערן, אַרויסגעגעבן אַ ריי דעקרעטן צו רעגיסטרירן אַלע אָרעמע לייט, און, אַלס אַ מיטל צו לייזן די סאָציאַלע

פראַגראַם, זיי באַזאָרגן מיט ערד. ראָבעספּיערס אָנהייגנער האָבן פּאַרענדיקט זייער אוטאָפּישע פּראָגראם מיט אַ נייער רעליגיע, דער „קולט פון דעם העכסטן וועזן“. לויט זייערע ווערטער האָט די רעליגיע געדאַרפט פּריידיקן „האַס קעגן דעם, וואָס איז געמיין און טיראַניש, טעראָר קעגן דעספּאָטן און פאַררעטער, הילף און אויפמערקזאַמקייט פאַר די אומגליקלעכע און שוואַכע, פאַרטיידיקונג פון די אונטערדריקטע קעגן דעם אומגערעכטן“.

אַ שטאַרקער קאַמף איז באַלד אויסגעבראָכן צווישן די פאַרשיידענע יאַקאָבינישע גרופּן. אין האַרבסט 1793 האָבן די יאַקאָבינער אַרויסגעפּטרט די „אויסגלייכער“ און זייער פירער, דער גלח זשאַק רו. די „אויסגלייכער“ זיינען ניט געווען קיין אמתע קאָמוניסטן. כאָטש אַ צאָל פון זיי האָבן געפירט פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער אידייע פון אַגראַר־קאָמוניזם. נאָר זומער 1793 האָבן די „אויסגלייכער“ נאָך אַליין געוואָלט איינשליסן אין דער קאָנסטיטוציע אַן אָנווייזונג וועגן דעם קאַמף קעגן די רייכע. די „אויסגלייכער“ האָבן שטאַרק אונטערשטראָכן די עקאָנאָמישע פאָדערונגען, און דערפאַר, האָט די קאָנווענשאָן, נאָכן פּטור ווערן פון די זשיראָנדיסטן, באַלד אויך גענומען זיך צו באַפרייען פון די „אויסגלייכער“, די „צעשטערער פון דער רעוואָלוציע“.

מאַראַט האָט פאַרטראָטן די אָרעמערע טיילן פון דעם פראַנצויזישן פאָלק; ער איז געווען דער טעאָרעטיקער פון דער האָרעפּאַשנער באַפעל־קערונג. דער קלאַסן־כאַראַקטער פון דער רעוואָלוציע איז פאַר אים קלאָר געווען. ער האָט געוואוסט, אַז די רעוואָלוציע ווערט געמאַכט פון די האָרעפּאַשניקעס און אַז דער באַזיצער־קלאַס נוצט זי איצט אויס קעגן זיי. מאַראַט האָט פאָרמולירט זיין פילאָסאָפיע פון דער רעוואָלוציע אויף דעם באַלגנדיקן וועג:

„די פלעבייער, דאָס הייסט די נידעריקערע קלאַסן פון די פעלקער, קעמפן אַליין קעגן די אויבערשטע קלאַסן. אין דער צייט פון אַן אויפשטאַנד האָט דאָס פאָלק צעשמעטערט און באַזיגט אַלע שטרויכלונגען מיט דעם כח פון זיין גרויסער מענטשן־צאָל; נאָר וויפיל מאַכט זיי זאָלן צוערשט ניט פאַרכאַפּן, ווערן זיי צום סוף באַזיגט פון די פאַרשווערער פון די אויבערשטע קלאַסן מיט זייער מייסטערשאַפט, פאַכמאַנשאַפט און כיטרעקייט. די געבילדע־טע און ראַפינירטע אינטריגאַנטן פון דעם אויבערשטן קלאַס זיינען צוערשט גע־ווען קעגן די דעספּאָטן: נאָר בלויז צוליב קענען שפּעטער בעסער באַקעמפן די פאָלקס־מאַסן, נאָכדעם ווי זיי איז געלונגען צו געווינען זייער צוטרוי און אויסנוצן זייער מאַכט, און צו פאַרנעמען אַליין די פּריווילעגירטע פּאָ־זיציעס פון וועלכע מען האָט אַרויסגעוואָרפן די רעספּאָטן. אַ רעוואָלוציע ווערט געמאַכט און ווערט דורכגעפירט פון די נידעריקסטע רייען פון געזעל־שאַפט, פון אַרבעטער, האַנטווערקער, קליינע הענדלער, קרעמער, פויערים, פון די פלעבייער, פון די אומגליקלעכע, וועמען די אומפאַרשעמטע רייכע רופן „מאַב“ (המון) און וועמען די רוימער האָבן אומפאַרשעמט אָנגערופן דער פּראָלעטאַריאַט. וואָס די אויבערשטע קלאַסן האָבן אָבער שטענדיק באַהאַלטן איז געווען דער פאַקט, אַז די רעוואָלוציע איז אויסשליסלעך פאַר־

וואַנדלט געוואָרן צום פּראָפיט פון לאַנד־באַזיצער, פון לאָיערס און שווינד־לער... די באַפעלקערונג האָט געמאַכט דעם טעות, וואָס זי האָט זיך ניט באַוואָפנט ווי געהעריק, און איבער אַלץ, פאַרפעלט זיך צו פאַרזיכערן, אַז מער ווי איין טייל פון די שטאָט־איינוואוינער זאָלן זיין באַוואָפנט."

דאָס איז אַ בריליאַנטענער סך הכל פון דער געשיכטע פון דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון דער רעוואָלוציע. מאַראַט האָט באַוויזן די מאַסן זייער קלאָר און בולט, אַז די רעוואָלוציע קען זיין דערפאָלגרייך בלויז מיט דער הילף פון דיקטאַטור און טעראָר. מאַראַט איז אָבער בלויז געווען דער פאַר־טרעטער און טעאָרעטיקער פון דעם פראַנצויזישן פאָלק, די קליין־בורזשואַזיע פון דעם סוף פון אכצנטן יאָרהונדערט, געשטיצט פון דעם פראָלעטאַריאַט. מאַראַט האָט צוגעזאָגט די ארבעטער „גוטע שכירות און גוטע באַהאַנדלונג". ער האָט ניט בייגעקומען די קלאַסן־שמאָלקייט פון דער פראַנצויזישער קליין־בורזשואַזיע און די אַרבעטער פון דעם 18טן יאָרהונדערט. נאָר ער איז געווען ענג פאַרבונדן מיט די אָרעמסטע האָרעפּאַשניקעס פון לאַנד און איז געווען אַ בריליאַנטענער טאַקטיקער און סטראַטעגיקער פון רעוואָלוציע.

אין דעם ווינטער פון 1793 און דעם פרילינג פון 1794 זיינען געוואָרן אַלץ שאַרפער די פראַקציאָנעלע קאַמפן אין דער קאָנווענשאָן, הויפּטזעכלעך דערפאַר, וואָס די רעוואָלוציע איז שוין געווען געראַטעוועט און די פּראָגראַם פון פּאָזיטיוויער בויאונג האָט זיך ערשט איצט געדאַרפט אָנהויבן. די אָנהענ־גער פון ראָבעספּיערן און דאַנטאָן זיינען אָן גרויסע שוועריקייטן פּטור געוואָרן פון דער גרופּע פון שאָמעט און העבער. דאָס איז טאַקע געווען דערפאַר, וואָס די לעצטע האָבן ניט געהאַט קיין סאָציאַלע אָדער עקאָנאָמישע פּראָגראַם, און, ניט געקוקט אויף דער אָפּשוואַכונג פון דעם בירגער־קריג, זיך נאָך פעסט געהאַלטן אָן די מעטאָדן פון טעראָריזם. כדי צו פאַרווירק־לעכן זיין אוטאָפּישע סאָציאַלע פּראָגראַם, האָט ראָבעספּיער, נאָכן אַרויס־פּטרן די אָנהענגער פון העבערטן, זיך אויך אַ נעם געטאָן צו דאַנטאָנס אָנהענגער, ווייל איבער דער פראַגע פון אייגנטום האָט די גרופּע אַרויסגע־שטעלט פּרינציפּן, וואָס זיינען געווען ענלעך צו די זשיראָנדיסטישע. די הינריכטונג פון די העבערטיסטן אין מערץ 1794 איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן אין אַפּריל פון זעלבן יאָר מיט דער הינריכטונג פון דאַנטאָנען און זיינע אָנהענגער. אויף דעם שטייגער האָט ראָבעספּיער זיך באַפרייט, סיי פּון די אָנהענגער פון רעכטן פליגל, סיי פון לינקן, און די רעוואָלוציאָנערע רע־גירונג איז איזאָלירט געוואָרן פון די מאַסן.

## ראָבעספּיערס פאַלן (9טער טערמידאָר 1794)

אין אַפּריל האָט די רעגירונג פון דער קליין־בורזשואַזיע, מיט ראָבעספּיערן בראש, אָנגעהויבן דורכפירן איר אייגענע פּראָגראַם פון סאָציאַלע און עקאָ־נאָמישע מאָסמיטלען, אָבער אין עטלעכע חדשים אַרום האָט שוין ראָבעספּיער אַליין נאָכגעפאָלגט זיינע שונאים אויף דער גיליאָטינע. מיט דער הינ־

ריכטונג פון ראָבעספּיערן אין דעם 9טן טערמידאָר (יולי 27), 1794, ענדיקט זיך די געשיכטע פון דער רעוואָלוציע אין פראַנקרייך און עס הויבט זיך אָן די געשיכטע פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע. דאָס האָט באַצייכנט דעם זיג פון דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס איבער דער קליין־בורזשואַזיע.

וואָס איז געווען די אורזאַך פאַר דעם פאַלן פון דער דיקטאַטור פון דער קליין־בורזשואַזיע? ווען מ'רעדט וועגן די פּאַסירונגען פון 9טן טערמידאָר טאָר מען ניט פאַרגעסן, אַז אַ סאָציאַלע און עקאָנאָמישע טראַנספאָרמאַציע (אומוואַנדלונג) איז פאָרגעקומען אין פראַנקרייך אין משך פון די רעוואָלוציע־יאָרן. די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהייבן אין מאַי 1789: ראָבעספּיער איז געפאַלן אין יולי 1794. אין משך פון דער צייט האָט דער לאַנדווירטשאַפטלעכער טייל פון לאַנד דורכגעמאַכט אַ פולשטענדיקע איבערקערעניש, ווייל דאָס פּויערטום איז געוואָרן אַ קלאַס פון פרייע אייגנטימער. די אַדעליקע לאַנד־באַראָנען זיינען פאַרשוואונדן, נאָר נייע בורזשואַזע לאַנד־באַזיצער האָבן פאַרנומען זייער פּלאַץ. אין די שטעט איז די בורזשואַזיע געוואָרן אַלץ שטאַרקער; אַ טייל פון דער קליין־בורזשואַזיע איז רייך געוואָרן פון ספּעקולאַציעס אין דעם נאַציאָנאַלן אייגנטום און פון צושטעלן פּראָדוקטן פאַר דער אַרמיי. ווי נאָר דער פּויער האָט געקראָגן ערד און איז באַפרייט געוואָרן פון די פעאָדאַלע לאַסטן, האָט ער ניט געוואָלט, אַז די רעוואָלוציע זאָל גיין ווייטער. בלויז אַ קליינער טייל פון דער קליין־בורזשואַזיע האָט געוואָלט איר פאָרטזעצן. נאָר איצט האָבן זיי שוין אויפגעהערט שפּילן אַן אַנטשיידנדיקע ראָל; און נאָכמער צוליב דעם, וואָס דער שטאָטישער אַרבעטער־קלאַס, וועמעס לאַגע עס איז געוואָרן אַלץ ערגער, האָט ניט געקענט באַשאַפן זיין אייגענע קלאַסן־אָרגאַניזאַציע.

פון זינט דעם פרילינג פון 1794 האָט די רעוואָלוציע געפייערט איר זיג איבער דער קאָנטער־רעוואָלוציע. דער שונא איז צוריקגעשמיסן געוואָרן אַהינטער די גרענעצן פון פראַנקרייך; די דיקטאַטור פון דער קליין־בורזשואַזיע האָט געראַטעוועט די בורזשואַזע רעוואָלוציע. נאָר דער וואוקס פון בורזשואַזער געזעלשאַפט איז געשטערט געוואָרן דורך די סאָציאַלע עקספּערימענטן פון דער קליין־בורזשואַזיע. דאָס ווערט זייער קלאָר אויסגעדריקט פון קורטואַ'ן, אַ בורזשואַזער ספּעקולאַנט און שונא פון ראָבעספּיער, אין זיין רעדע אויף דער קאָנווענשאָן פון דעם 9טן טערמידאָר:

„איר שוואַכקעפּיקער און בלוטדורשטיקער עקוואַליטאַריאַנער (אויסגלייכער), איר וועט גרייכן אייער ציל בלויז נאָכן טרייסלען די פונדאַמענטן פון אַלע האַנדלס־באַציאונגען, נאָכן באַגראָבן דעם רייכטום און האַנדל אונטער אייערע רואינעס, ווען מיט אייערע פאַנטאַסטישע אַגראַר־טעאָריעס וועט איר האָבן פאַרוואַנדלט 25 מיליאָן פראַנצויזן אין 25 מיליאָן מענטשן, וואָס לעבן אויף 40 עקוס".

קורטואַ, אַ טיפּישער פאַרטרעטער פו ןדער נייער בורזשואַזיע, האָט באַשולדיקט ראָבעספּיערן אין וועלן באַגרעניצן קאַפּיטאַליסטישע אָנזאַמלונג. די פראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט זיך שוין מער ניט צופרידנגעשטעלט מיט

דער צווייטיטיקער פּאָליטיק פון דער קליין־בורזשואזיע, וואָס האָט, פון איין זייט, אָפּגעווישט דעם פעאָדאַליזם און געשאַפן די נויטיקע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, און, פון דער צווייטער זייט, גע־פּרוּווט באַגרעניצן אָט די אַנטוויקלונג דורך איינפירן סאָציאַלע רעפאָרמעס. כ'איז אמת, אַז ראָבעספּיער האָט דערפאָלגרייך געקעמפט קעגן דער אָפּענער פּראָפּאַגאַנדע פון אגראַר־קאָמוניזם, נאָר גלייכצייטיק האָט ער געוואָלט פאַרניכטן די פראַנקרייך פון דער בורזשואַזיע און זי פאַרוואַנדלען אין אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער רעפּובליק פון גלייכע אייגנטימער. און דערפאַר טאַקע האָט די פראַנצויזישע בורזשואזיע אים אַזוי שטאַרק פיינט געקראָגן. אין מאַי און יוני 1794, האָט ער, כדי דורכצופירן זיין פּראָגראַם, געפּרוּווט אויסשליסן פון דער קאָנווענשאָן אַלע קאָרופּטע און מאָראַליש־דיסקרעדי־טירטע רעפּוטאַטן. גלייכצייטיק האָט ער געפּרוּווט נעמען אויפן ציטבל אַלע יענע, וואָס האָבן רעדוצירט יעדע פּראָבלעם פון דער רעוואָלוציע צו דער פאָדערונג פון פאַרשטאַרקן דעם טעראָר. אַלס רעזולטאַט דערפון האָט ער באַגעגנט אַ פעסטן ווידערשטאַנד פון אַלע פיינטלעכע לינקע און רעכטע גרופּן אין דער קאָנווענשאָן, די רעשטן פון דער זשיראָנדע, די געוועזענע העבערטיסטן און די „אויסגלייכער" פון די פּאַריזער פּאַרשטעט, און לסוף פון דעם „זומפּ", די צענטער־גרופּע פון דער קאָנווענשאָן, וואָס האָט זיך געשראָקן פאַר די נייע אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע און איז געוואָרן דער־מיטיקט דורך דעם ווידערשטאַנד פון ראָבעספּיערס שונאים.

אין דעם 9טן טערמידאָר איז ראָבעספּיער אַרעסטירט געוואָרן. די פּאַריזער מוניציפּאַליטעט איז געקומען אים צו הילף, נאָר ס'איז שוין געווען צו שפּעט, ווייל ער האָט ניט געקענט אַריבערגעווינען די אַרבעטער פון דער הויפּט־שטאָט אויף זיין זייט. ניט וועלנדיק פאַרברעכן אויף די „קאָנסטי־טוציאָנעלע פּרייהייטן" פון דער פּאָפּולערער רעפּרעזענטאַטיווער קערפּער־שאַפט, האָט ער זיך צו לאַנג געוואַקלט צו נעמען דעם וועג פון אויפשטאַנד. דעם 10טן טערמידאָר האָט מען אים הינגעריכטעט.

## III.

# דער הריטער פּעריאָד: די בורזשואזע רעפּובליק (1795־9)

### די קאָנווענשאָן פון טערמידאָר

פראַנקרייך, אין דעם פּעריאָד פון 1795־9, איז שוין געווען להלוטין אַנדערש פון דער פראַנקרייך פון דעם אַלטן רעזשים. נייע קלאַסן זיינען געקומען צו דער מאַכט. דער פּויער איז איצט געווען אַ שונא ניט נאָר פון יעדער קאָנטער־רעוואָלוציע, נאָר אויך פון יעדער רעוואָלוציע; ער איז געווען אַן אָנהענגער פון אָרדנונג קעגן אַלע יענע, וואָס האָבן באַדראָט דעם באַזיץ פון זיין קליינער ווירטשאַפט. דער פראַנצויזישער פּויער איז געווען

נישט בלויז פּאַסיוו, נאָר קאָנסערוואַטיוו. ער וואָלט זיך באַטייליקט אין אַן אויפשטאַנד בלויז דעמאָלט, ווען ס'זאָל זיין אַ געפאַר, אַז די אַלטע פריצים און אייגנטימער פון זיין ערד זאָלן צוריקקומען. אין משך פון דעם רעזשים פון דער בורזשואַזער רעפובליק (אונטער דער דירעקטאָריע) פון 1795 ביז 1799 האָט ווידער אויפגעלעבט די אַלטע בורזשואַזיע. די רעוואָלוציע האָט אָפּגעשאַפט גילדעס (צעכן) און מאָנאָפּאָליעס; זי האָט געשאַפן אַ ריזיקע אַרמיי פון קליינע אייגנטימער. „זיי האָבן זיך פעסט געהאַלטן אָן זייערע געלט־קאַסעס", שרייבט אַ היסטאָריקער, „און זיי וועלן דערמיט ניט ריזיקירן אַנטיילצונעמען אין אַ גאַסן־שלאַכט".

אָט די מענטשן האָבן געטרוימט פון אַ שטאַרקער רעגירונגס־קראַפט, פון אָרדנונג און פון אַ רעזשים, וואָס וועט פאַרטיידיקן די רעוואָלוציע קעגן ביידע, די אַדעליקע און די „אויסגלייכער". אַזוי איז אַ נייע קאָנסערוואַטיווע מאַכט אויסגעוואָקסן אין די שטעט, פאַרשטאַרקט פון יענעם טייל פון דער בורזשואַזיע (די נייע גבירים, אָלרייטניקעס, אַרויפגעאַרבעטע) וואָס איז רייך געוואָרן פון פאַרקויפן פּראָדוקטן צו דער אַרמיי און פון ספּעקולאַציעס אין דעם נאַציאָנאַלן אייגנטום; זייער צאָל איז געוואָקסן פון דער מאַסע מענטשן, וואָס האָט געלעבט אויפן חשבון פון דער רעוואָלוציע. זיי זיינען געווען קעגן דער ווידעראויפשטעלונג פון דער אַלטער אָרדנונג, נאָר זיינען פונקט אַזוי געווען קעגן דער פאָרטזעצונג פון דער רעוואָלוציע. די אַרבעטער אין די שטעט, די אָרעמע פון פּאַריז, ליאָנס, און די אַנדערע אינדוסטריעלע און האַנדלס־צענטערס פון פראַנקרייך, האָבן ניט פאַרבעסערט זייער לאַגע, ווי די אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג. אונטער דער בורזשואַזער רעפּובליק איז זיי געווען נאָך ערגער ווי אונטער דער טעראָר. נאָך דעם 9טן טערמידאָר מעג דער צושטאַנד באַצייכנט ווערן אַלס פון פּאָליטישער אַפּאַטיע. ס'איז אמת, אַז דאָ און דאָרטן, ווי צום ביישפּיל, אין די טעג פון פּרעריען און זשערמענאַל, 1795, זיינען זיי אַרויסגעקומען מיט דער פּאָדערונג פון ברויט און דער קאָנסטיטוציע פון 1793. נאָר דאָס זיינען בלויז געווען איזאָלירטע אויסברוכן. די איינוואוינער פון פּאַריז האָבן שוין מער ניט געשפּילט זייער ראָלע ווי אין דעם 10טן אויגוסט, 1792, אָדער אין די טעג פון מאַי דעם 31טן ביז יוני דעם 2טן, 1793.

די מלחמה איז נאָך ניט געווען פאַרענדיקט. פון אַ מלחמה פון פאַר־טיידיקונג איז זי געוואָרן אַ מלחמה פון אָנגריף. אין לאַנד זיינען אויסגע־בראָכן מאָנאַרכיסטישע אויפשטאַנדן; די פּויערים פון דער וואַנדעי האָבן ווידער פאַנאַנדערגעוויקלט די מאָנאַרכיסטישע פאָן. די יאַקאָבינער פון פּאַריז האָבן געליאַרעמט וועגן דער קאָנסטיטוציע פון 1793. אין די אומ־שטענדן איז אַנטשטאַנען אַ וואַקלדיקע און אומאַנטשלאָסענע מלוכה־מאַכט, וואָס איז געוואָרן באַרימט אין דער געשיכטע אַלס אַ סיסטעם פון הוידעלקע־פּאָליטיק; די רעגירונגס־מאַכט האָט זיך געוויגט צווישן די ראָיאַליסטן (מאָנאַרכיסטן) און די דעמאָקראַטן, און אַלס רעזולטאַט דערפון, האָט די אַרמיי און אירע פירער באַקומען אַנטשיידנדיקע וויכטיקייט. די נייע רעגי־

רונג, די דירעקטאָריע, האָט זיך כסדר געמוזט ווענדן נאָך הילף צו דער אַרמיי, ווען מ׳האָט געדאַרפט אונטערדריקן אַ ראָיאַליסטישן אָדער דעמאָ־קראַטישן אויפשטאַנד. ענדלעך, דעם 18טן ברומער, 1799, האָט דער גענעראַל נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט דורכגעפירט זיין „קופּ ד׳עטאַ“ (איבער־קערעניש) צו באַשאַפן אַ שטאַרקע בורזשואַזע רעגירונג, דורכגעדרונגען מיט דעם צוועק פון באַשיצן די דערגרייכונגען פון 1789 קעגןביידע ראָיאַליסטישע און דעמאָקראַטישע געפאַרן.

## באַבעף און די קאָנספּעראַציע פון די גלייכע

איידער מיר פאַרענדיקן אונדזער איבערזיכט פון דער געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, מוזן מיר באַהאַנדלען אין קורצן די געשיכטע פון אַ פאַרזוך אויף אַ רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין פּאַריז אין מאַי 1796 אונטער דער פירערשאַפט פון באַבעף. ס׳איז אמת, אַז די קאָנספּיראַציע איז אויפגעדעקט געוואָרן פּריִ אַ שפּאָן נאָך איידער זי איז רייף געוואָרן. די היסטאָרישע וויכטיקייט פון דעם פאַרזוך איז אָבער גרויס. באַבעף, דער רעדאַקטאָר פון דער „טריבונע פון פאָלק“, איז אַריינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה דעם 9טן טערמידאָר מיט אַנדערע יאַקאָבינער (דארטהע, בואָנאַראָטי, א. אַז. וו.). ער האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן צו שטירצן די דירעקטאָריע אין דעם נאָמען פון דער קאָנסטיטוציע פון 1793.

דער לאָזונג, „ברויט און די קאָנסטיטוציע פון 1793“, איז געווען אומ־געוויינלעך פּאָפּולער צווישן די מאַסן אין דער הויפּט־שטאָט. נאָר באַבעפס דעמאָקראַטישע פאַרשווערונג איז אַנדערש פון אַנדערע יאַקאָבינישע פאַר־שווערונגען דערמיט, וואָס זי איז אָנגעפירט געוואָרן פון קאָמוניסטישע רע־וואָלוציאָנערן. באַבעפס אָנהענגער האָבן פאַרשטאַנען „אַז פרייהייט איז אוממעגלעך אָן גלייכהייט, דאָס איז, אַזוי לאַנג ווי עס עקזיסטירט פּריוואַט־אייגנטום“. זיי האָבן געוואָלט אָפּשאַפן פּריוואַט אייגנטום; נאָר ווי אַזוי זאָל עס געטאָן ווערן? באַבעף האָט געפּרואווט פאַרבינדן זיין אַגיטאַציע מיט די נויטן פון די מאַסן. ער האָט אָנגעהויבן די רעוואָלוציע קעגן אייגנטום אַלס אַ קאַמף קעגן דער קאָנסטיטוציע פון דעם דריטן יאָר פון דער רעפּובליק (1795) און קעגן דער רעגירונג פון דער דירעקטאָריע. ער האָט געפאָדערט דורכצופירן געזעצן קעגן ספּעקולאַציע און געבן אַ מאַקסימום פון מלוכה־הילף צו די אָרעמע. דער אויפשטאַנד האָט געדאַרפט צוגערייט ווערן פון אַ געהיימער אָנפירנדיקער קערפּערשאַפט. נאָכדעם ווי די רעוואָלוציאָנערע מינדערהייט וואָלט געהאַט פאַרכאַפּט די רעגירונגס־מאַכט, האָט די באַפעל־קערונג געזאָלט דערוויילן אַ נייע קאָנווענשאָן און צוטרעטן אָפּצושאַפן פּריוואַט־אייגנטום. דאָס איז געווען באַבעפס פּאָליטישע פּראָגראַם. זיינע סאָציאַלע פאָדערונגען זיינען געווען פאָרמולירט נאָך מיט ווייניקער קלאָר־קייט. זיינע אָנהענגער האָבן באַקעמפט די רעפאָרמיסטישע אַגראַר־געזעצן

און געוואָלט איינפירן אַ קאָלעקטיוון באַזיץ פון דעם באָדן. „נידער מיט פריוואַט אייגנטום אויף ערד", האָט זיך געלייענט אין דעם „מאַניפעסט פון די גלייכע": „דער באָדן געהערט נישט צו קיינעם". באַבעף איז געווען קעגן ירושות און פאַר אָפּשאַפן די גרויסע אינדיווידועלע פאַרמעגנס. ער האָט אַרגומענטירט, אַז יעדער מענטש דאַרף באַצאָלט ווערן, ניט פאַר דעם וואָס ער האָט געטאָן פאַר דער געזעלשאַפט, ווייל ניט אַלע מענטשן זיינען פון גלייכער שטאַרקייט, נאָר לויט זיינע באַדערפעניש[ן]. די קאָמוניסטישע פראָגראַם פון באַבעפס אָנהענגער איז, פאַרשטייט זיך, געווען אומקלאָר. אין איינעם פון זייערע רופן צום פאָלק האָבן זיי געשריבן:

„מיר ראַטן די רייכע, אַז זיי זאָלן זיך פרייוויליק אונטערוואַרפן די פאָדערונגען פון גערעכטיקייט... און ברייטהאַרציק אָפּגעבן זייער איבערפלוס צום פאָלק."

זיי האָבן געגלויבט, אַז „דער געזעצגעבער זאָל אַזוי האַנדלען, אַז לסוף זאָלן די מענטשן אַליין ווערן איבערצייגט אין דער נויטיקייט פון אָפּשאַפן פריוואַט־אייגנטום אין די אינטערעסן און פאַר די נוצן פון דעם פאָלק". דאָס איז געווען די נייע פילאָסאָפיע פון די רעוואָלוציאָנערן ביים סוף פון דעם 18טן יאָרהונדערט. באַבעף'ס אויפשטאַנד איז דורכגעפאַלן. ער און דאַרטהע זיינען הינגעריכטעט געוואָרן. נאָר די היסטאָרישע וויכטיקייט פון דעם עפּיזאָד איז זייער גרויס. באַבעף איז דער רינג צווישן דער מאָדערנער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג און דער עפּאָכע פון דער דיקטאַטור פון דער קאָנווענשאָן. נאָכמער, באַבעף'ס אידייען בנוגע קאָמוניזם זיינען אַ ווייטערדיקער שריט פאָראויס אין פאַרגלייך מיט די אידייען פון זשאַק רו, וואַרלע, און די קאָמוניסטישע סיסטעמען פון דעם 17טן יאָרהונדערט. באַבעף האָט געוואוסט, אַז סאָציאַלע גלייכהייט איז נישט דאָס זעלבע וואָס פאָרמעלע גלייכהייט פאַרן געזעץ. ער האָט אויך געוואוסט, אַז דאָס קען ניט דערגרייכט ווערן ביז מען וועט ניט פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט. באַבעף'ס אויפשטאַנד איז דורכגעפאַלן, ווייל דער פראַנצויזישער פּראָלעטאַריאַט אין 1796 איז נאָך ניט געווען קיין קלאַס אין דעם מאָדערנעם זינען פון דעם וואָרט. פון דער צווייטער זייט האָט ער אונדז געלערנט, אַז אין גאַנג פון זיין אַנטוויקלונג איז יעדע דעמאָקראַטישע באַוועגונג ענג פאַרבונדן מיט סאָציאַלע קאַמפן. באַבעף'ס אויפשטאַנד האָט באַצייכנט דעם העכסטן פונקט פון קלאַסן־קאַמף אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע.

## IV.

## די לעקציע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע

בורזשואַזע טעאָרעטיקער פאַרגלייכן אָפט די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד מיט דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. זיי זאָגן, אַז די באָלשעוויקעס ווידערהאָלן די רעוואָלוציע פון דעם 18טן יאָרהונדערט,

אַז די רוסישע רעוואָלוציע וועט דורכמאַכן דעם זעלבן וועג וואָס די פראַנ־צויזישע רעוואָלוציע. אַנדערע האַלטן ווידער, אַזביידע רעוואָלוציעס האָבן גאָרנישט קיין געמיינזאַמעס איינער מיט דער צווייטער. ביידע מיינונגען זיינען פאַלש. ביידע רעוואָלוציעס זיינען טיפּע קאָנוואולסיווע סאָציאַלע איבערקערעניש[ן], איינע איז אָבער אין דעם אַכצענטן, די צווייטע אין דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. די ערשטע איז פאָרגעקומען נאָך פאַר דעם פּעריאָד פון דער איינפירונג פון מאַשינען, ווען עס האָט נאָך ניט עקזיס־טירט קיין קלאָס פּראָלעטאַריער; איר צוועק איז געווען די גרינדונג פון אַ בורזשואַזער געזעלשאַפט. די צווייטע האָט זיך אָנגעהויבן אין דער עפּאָכע פון קאַפּיטאַליסטישער ירידה, ווען דער פּראָלעטאַריאַט איז געווען דער פירער פון דער רעוואָלוציע און האָט אויפגענומען דעם קאַמף פאַר סאָציאַליזם. יענע וואָס באַהויפּטן (די סאָציאַל דעמאָקראַטן און טראָצקיסטן) אַז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד וועט אויך דורכמאַכן זיין 9טן טערמידאָר, דאָס הייסט, אַז דער קאַפּיטאַליזם וועט טריאומפירן אין רוסלאַנד, לייקענען דערמיט די מאַרקסיסטישע כאַראַקטעריסטיק פון דער היינטיקער צייט אַלס די עפּאָכע פון קאַפּיטאַליסטישער ירידה, און לייקענען אויך דעם פּראָלעטאַרישן כאַראַק־טער פון דער רוסישער רעוואָלוציע. זיי גייען אַרויס פון דעם מענשעוויסטישן שטאַנדפּונקט וועגן דער רעוואָלוציע אַלס אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָ־לוציע. מיר אָבער זען אין איר דעם אָנהייב פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

לאָמיר איצט ציען אַן אונטערשטע שורה פון דער פראַנצויזישער רעוואָ־לוציע און אָפּשאַצן די וויכטיקייט פון דער יאַקאָבינישער דיקטאַטור אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון דעם 19טן און 20סטן יאָרהונדערט. מאַרקס האָט פאָרמולירט זייער באַדייטונג מיט די פאָלגנ־דיקע ווערטער:

„אין דער רעוואָלוציע איז די בורזשואַזיע געווען דער קלאַס, וועלכער איז ווירקלעך געשטאַנען בראש פון דער באַוועגונג. דער פּראָלעטאַריאַט און די טיילן פון דער געזעלשאַפט, וואָס האָבן ניט געהערט צו דער בורזשואַזיע, האָבן נאָך דעמאָלט ניט געהאַט קיין אינטערעסן, וועלכע זאָלן ניט צונויפ־פאַלן מיט די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע, און זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען אין פּראָצעס פון אַנטוויקלונג אַלס זעלבסטשטענדיקע קלאַסן אָדער טיילן פון קלאַסן. דערפון איז אויסגעקומען, אַז וואו נאָר זיי זיינען געווען קעגן דער רעוואָלוציע, ווי אין פראַנקרייך פון 1793 ביז 1794, האָבן זיי פּראַקטיש געקעמפט פאַר די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע, כאָטש אויף אַן אַנדער שטייגער ווי די בורזשואַזיע אַליין. די ערשאַפט פון טעראָר אין פראַנקרייך איז געווען נישט מער ווי די פּלעבייאישע פאָרם פון קאַמף קעגן די שונאים פון דער בורזשואַזיע — קעגן אַבסאָלוטיזם, קעגן פעאָדאַליזם און קעגן די פיליסטער". (אַרטיקל אין דער „נויע רהיינישע צייטונג", דעצעמ־בער 11, 1848.)

אָט די ווערטער פאַרקערפּערן אַ טרעפלעכע שילדערונג פון דער היסטאָ־

רישער ראָלע פון די יאקאָבינער.*) לענין, זיי איבערזעצנדן אויף דער היינ־טיקער שפראך, האָט געשריבן:

„די היסטאָריקער פון דעם פראָלעטאַריאַט זעען אין יאַקאָביניזם איינע פון די העכסטע שטופן, וואָס עס האָט דערגרייכט דער אונטערדריקטער קלאַס אין זיין קאַמף פאַר פרייהייט... יאקאָביניזם אין אייראָפּע, אויף די גרענעצן פון אייראָפּע און אַזיע (אין רוסלאַנד) אין דעם צוואנציקסטן יאָרהונדערט, וואָלט געווען די הערשאַפט פון דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַס פון דעם פראָ־לעטאַריאַט, וואָס, געשטיצט פון די פויערים און מיט די עקזיסטירנדיקע מאַטעריעלע גרונדן פאַר דער באַוועגונג צום סאָציאַליזם, וואָלט געבן ניט בלויז אַלץ וואָס איז גרויס און אומפאַרווישבאַר פון דעם וואָס די יאַקאָבינער האָבן געגעבן אין דעם אַכצנטן יאָרהונדערט, נאָר וואָלט אויך געקאָנט ברענגען צום דויערהאַפטן וועלט־זיג פון די אַרבעטער... דער יאקאָבינער, וואָס איז אומאָפּטיילבאַר צוגעבונדן צו דער אָרגאַניזאציע פון דעם פראָלעטאַריאט און האָט פאַרשטאַנען זיינע קלאַסן־אינטערעסן — ער איז אַ באָלשעוויק“.

אַזוי הויך האָט לענין געשעצט דעם יאקאָביניזם אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די אונטערדריקטע קלאַסן ביים סוף פון דעם 18טן יאָרהונדערט. אין דער זעלבער צייט האָט ער אַנערקענט זיין ווידערשפּראכלעכן קלאַסן־כאַראַקטער. ער האָט אָנגעוויזן, אַז די רוסישע רעוואָלוציע אונטערשיידט זיך פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע גענוי ווי דער פּראָלעטאַריט אונטערשיידט זיך פון דער קליין־בורזשואזיע. די קליין־בורזשואַזיע איז דער קלאַס פון דער פאַרגאַנגנהייט; איר רעוואָלו־ציאָנערע טעטיקייט האָט בלויז קאָנסאָלידירט דעם באַזיס פון דער בורזשו־אזער געזעלשאַפט. דער פּראָלעטאַריאַט איז דער קלאַס פון דער צוקונפט, וואָס פירט די מענטשהייט פון קאַפּיטאַליזם צו אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

נאָך ראָבעספּיערס פאַלן האָט די בורזשואַזע רעפּובליק טריאומפירט און אָפּגעשאַפט איינס נאָכן צווייטן די דעמאָקראַטישע דערגרייכונגען פון דער רעוואָלוציע; די בורזשואַזע געזעלשאַפט האָט באַזיגט דעם אַלטן רעזשים.

די געגנוואַרט העלפט אונדז אַ סך בעסער צו פאַרשטיין די פאַר־גאַנגענהייט. די באַקאַנטשאַפט מיט דעם גאַנג פון דעם קלאַסן־קאַמף אין דער רוסישער רעוואָלוציע מאַכט פאַר אונדז לייכטער צו אַנאַליזירן די היסטאָרישע אייגנטימלעכקייטן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. ס'איז היינט פאַר אונדז לייכטער צו פאַרשטיין די ליידנשאַפטן, די קאַמפן. דעם זיג פון די יאקאָבינער. מיר האָבן זיך אויסגעלערנט צו וויסן די גרע־נעצן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון אונדזער אייגענער דערפאַרונג. און

*) אַ מייסטערהאַפטער כך הכל וועגן דער באַדייטונג אין דער וועלט־געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז געגעבן געוואָרן פון מאַרקסן אין די דערעפנונג־שורות פון דעם „אַכצנטן ברומער פון לואי באָנאַפּארט“, געשריבן אין 1852.

מיר קענען האַלטן מיט רעכט, אַז אונדזער היינטיקע אויפגאַבע איז אָן אָן ערך גרעסער פון דער, וואָס איז געשטאַנען פאַר די יאַקאָבינער ביים סוף פון דעם 18טן יאָרהונדערט; זיי האָבן געגרינדעט די ברוזשואזע קלאַסן־געזעלשאַפט... אין רוסלאַנד איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער קלאַסנלאָזער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט. ביז איצט האָבן אַלע רעוואָלוציעס איבערגעגעבן די מאַכט פון איין הערשנדיקער מינדערהייט צו אַ צווייטער. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע האָט אָפּגעווישט די מאַכט פון די איינצלנע און ציט אַריין צו דער רעגירונג און פּאַרוואַלטונג פון דעם לאַנד די מערהייט פון די אַרבעטער. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט פּראָקלאַמירט גלייכהייט פאַרן געזעץ; די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע באַצוועקט ווירקלעכע עקאָנאָמישע גלייכהייט אין דער געזעלשאַפט.

די שוועריקייטן, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט מוז באַגעגענען, זיינען דעריבער גרויסע, ווייל דער כאַראַקטער און באַדינגונג פון דעם וואוקס פון אַ בורזשואזער און אַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט זיינען ראַדיקאַל פאַרשידען. די בורזשואזע עקאָנאָמיע און קולטור איז אויסגעוואָקסן אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט גופא; די רעוואָלוציע האָט זיי בלויז געשאַפן די מעגלעכקייט פון פרייער אויסשפּרייטונג. אָבער אונטער דער סיסטעם פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע איז זייער שווער פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט אויפצובויען זיינע קלאַסן און קעמפערישע אָרגאַניזאַציעס; ער פאַרמאָגט אויך ניט די פרייע צייט און מאַטעריעלע מיטלען צו שאַפן זיין אייגענע קולטור אַזוי לאַנג ווי עס הערשן די באַזיצער־קלאַסן. די קאָנצענטראַציע אונטער קאַפּיטאַליזם שטעלט צו טעכנישע באַזעס, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט קען נוצן אויפצובויען סאָציאַליזם, נאָר בלויז ערשט נאָכדעם ווי די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע האָט טריאומפירט. דעריבער, אפילו ווען דער פּראָלעטאַריאַט איז דער זיגער, דאַרף ער בייקומען אַ סך גרעסערע פּראָבלעמען, ווי די ברוזשואַזיע האָט באַגעגנט. די באַדינגונגען, אין וועלכע ער דאַרף קעמפן, זיינען שווערער פון יענע, אין וועלכע די בורזשואזיע האָט זיך געפינען ביים דורכפירן די בורזשואַזע רעוואָלוציע.

די געשיכטע פון דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד באַווייזט, אַז די הויפּט־אַרבעט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, ווען די רעוואָלוציע איז דערפאָלגרייך, ליגט אין דער עקאָנאָמישער ספערע. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע קען זיך ניט אָפּשטעלן ביי די מאָסמיטלען פון די קליין־בירגערלעכע יאַקאָבינער; זי מוז מאַכן אַ גרינטלעכן שטודיום פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג צו קענען זיך באַוועגן פאָראויס צו דער קלאַסנלאָזער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט. אויב דאָס מוז געטאָן ווערן, איז ניט גענוג צו געווינען די סימפּאַטיעס פון די פּויערים — זיי מוזן אַריינגעצויגן ווערן אין דער אַרבעט פון סאָציאַליסטישער בויאונג; זייערע קליינע אינדיווידועלע ווירטשאַפטן מוזן פאַרוואַנדלט ווערן אין ריזיקע קאָלעקטיווע אונטערנעמונגען, וואָס מיינט, אַז די דאָרף־בורזשואַזיע מוז באַקעמפט ווערן.

די יאַקאָבינער פון דעם אַכצנטן יאָרהונדערט האָבן ניט געהאַט אַזעלכע

גרויסע שעפערישע אויפגאבן צו דערגרייכן. אט די אויפגאבן האבן ארויפגעליינט אויף דעם פראלעטאריאט, אלס א באדינג פון זיין דערפאלג, די נויטווענדיקייט צו באשיצן די ארגאנען פון דער פראלעטארישער דיקטאטור, צו פירן אן אומברחמנותדיקע מלחמה קעגן אלע אגענטן פון קאפיטאליסטישער רעאקציע, אפענע און באהאלטענע, צו אנטוויקלען ארגאניזאציעס, וואס גיבן אויסדרוק צום ווילן פון ארבעטער קלאס און צו פארריכטן די פעלערן, וואס ווייזן זיך ארויס אין דער פראלעטארישער באוועגונג גופא.

די היסטארישע אויפגאבן, וואס די פראלעטארישע רעוואלוציע דארף פארווירקלאכן, זיינען אזוי אויסערגעוויינלעך קאמפליצירט, אז זיי קענען בלויז דורכגעפירט ווערן, אויב עס וועט אנגעהאלטן ווערן די אייניקייט פון די רעוואלוציאנערע פראלעטארישע רייען. אונדזער רעוואלוציע איז אנדערש פון דער פראנצויזישער דערמיט, וואס איר דאמינירנדענע מאכט, איר פירנדיקער כוח, איז דער פראלעטאריאט. אין דער רעוואלוציע פון דעם אכצנטן יארהונדערט האט דער פראלעטאריאט געשפילט אן אקטיווע ראלע אין צושטעלן די פיזישע קראפט, נאר ער איז ניט געווען ארגאניזירט אין א פארטיי, ווי עס זיינען געווען די פראלעטאריער פון דעם סאוועטן־פארבאנד. די רוסישע פארטיי האט צענדליקער יארן אנגעפירט א רעוואלוציאנערן קלאסן־קאמף, האט געלערנט פון די דערפארונגען פון אייראפייאישע רעוואלוציעס און האט אליין דורכגעלעבט דריי רעוואלוציעס. דער יאקאבינישער קלוב איז ניט געווען קיין פארטיי, נאר א לויזער פאראיין פון פארשיידענע סאציאלע גרופן, אין דער צייט וואס די באלשעוויסטישע פארטיי האט צוגעשטעלט א דיסציפלינירטע פירערשאפט אין דעם קאמף קעגן דער בורזשואזיע. די באלשעוויסטישע פארטיי האט פארטראטן, ניט איינע אדער אן אנדערע גרופע פון דעם פראלעטאריאט, נאר דעם פראלעטאריאט פאראייניקט אלס א קלאס אין זיין קאמף קעגן דער בורזשואזיע, אין אלע אירע טיילן, איינגעשלאסן די קליין־בורזשואזיע. די קאמוניסטישע פארטיי קען ניט זיין א „פרייער“ פארבאנד פון פארשיידענע טענדענצן, ווי דער יאקאבינישער קלוב; זי מוז זיין א פאראייניקטע פארטיי מיט אן אייזערנער דיסציפלין — דאס איז די פונדאמענטאלע לעקציע פון דער רעוואלוציע; דערין ליגט די הויפט־גאראנטיע פאר דעם טריאומף פון סאציאליסטישן אויפבוי און דעם זיג איבער דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפטלעכער ארדנונג.

# די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע

## רעקאָמענדירטע ביביאָגראפיע פאַר דער ערשטער לעקציע

זשאַן פּאָל מאַראַט און זיין קאַמף מיט דער קאָנטער־רעוואָלוציע — א. סטעפּאַנוו,

געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין מערב אייראָפּע. 1טער טייל
צ. פרידלאנד און א. סלוצקי.

די רעדעס און שריפטן פון ראָבעספּיער, מאַראַט און דאַנטאָן מיט ספּעציעלע פאָררעדעס.
אין „שטימען פון רעוואָלט“ (ענגליש).

## רעקאָמענדירטע ביכער פאַר דעם קורס:

דער בירגער קריג אין פראַנקרייך — קארל מאַרקס.

די פּויערים־מלחמה אין דייטשלאַנד — פרידריך ענגעלס.

די געשיכטע פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל — א. סטעקלאָוו.

דער אויפקום און אומקום פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל — דזש. לענין.

סאָציאלע קרעפטן אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע — א. מ. סיימאָנס (ענגליש)

געשיכטע פון דעם אַמעריקאַנישן ארבעטער־קלאַס — אַנטאָני בימבאָ (ענגליש).

ערשטע רעוואָלוציע (1905—1907) — לענין.

די רעוואָלוציע פון 1917, 2 בענדע — לענין.

די אימפּעריאַליסטישע מלחמה — לענין.

געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין מערב אייראָפּע. פיר טייל
— פרידלאנד און סלוצקי.

## די מלחמה־געפאַר

פון אַלעקסאַנדער ביטעלמאַן. פרייז 20 סענט. פאַר ברענטשעס פון א. אַ. אָ. 15 סענט.

## קאַפּיטאַליזם — סאָציאַליזם קאָמוניזם

אַ קורס פון 15 לעקציעס. פרייז 50 ס., פאַר סטודענטן פון אַרב. אוניווערזיטעט און מיטגלידער פון א. אַ. אָ. 25 סענט

## דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן

זיינע צילן און אויפגאבן. אידיש, איינגליש און אַנדערע שפּראַכן.

## דער אַרבעטער רינג העלפט אָרגאַניזירן מלחמה געגן סאָוועטן־פאַרבאַנד

(די ראָל פון אַבראַמאָוויטשן און דעם אַרבעטער רינג אין די אינ־טערווענציע־פאַרשווערונגען געגן פּראָלעטאַרישן פאַטערלאַנד.)

## פּאַלעסטינע, די אַראַבער, דער ציוניזם

פון פּ. נאָוויק. פרייז 50 סענט. פאַר אונדזערע ברענטשעס 30 סענט.

## פאַרוואָס איר דאַרפט שיקן אייערע קינדער אין שולן ביים א. אַ. אָ.

8 זייטן. פרייז 8 סענט.

## מאַרקסיסטישע שטודיר קורסן

די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָ־לוציע.

די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע אין איינגלאַנד און דער טשאַרטיזם.

פרייז 15 סענט אַ לעקציע. פאַר מיטגלידער פון אָרדן 10 סענט. 48 זייטן יעדע.

## שיינע ליטעראַטור:

### מיט געזאַנג צום קאַמף

(לידער מיט נאָטן). צוזאַמענגע־שטעלט און באַאַרבעט פון יעקב שייפער. פרייז 1 דאָלער, פאַר מיט־גלידער פון א. אַ. אָ. און פּ. ג. פּ. 60 סענט.

## אין פאַרלאַג א. אַ. אָ. געפינען זיך צום פאַרקויף:

### קינדער מייסעלעך

כאַווער לענין האָט געזאָגט. דער פאַבריק־קוימען סטרייקט. דער ערשטער גענעראל. ביראָ־בידזשאַן. מאָטעלע פון דאָרף איקאָר. די מלחמה אין ניו יאָרק — פון שלמה דאווידמאן. זומער אין קינדער־לאַנד. מיר פאָרן אין אַרטעק טעאַטער — פון א. לייב.

### קינדער

פאָרן 2טן לערניאָר צוזאַמענגע־שטעלט פון דבורה טאַראַנט און ב. פרידמאַן. 174 זייטן געבונדן. פרייז 1 דאָלער. פאַר אונדזערע שולן 65 סענט.

### פון יענער זייט טייך

(אַ מייסע) פון כאַווער פאַווער. פרייז 75 סענט. פאַר שולן 40 ס.

### „ניו יאָרק"

אַרבעט־פּראָיעקט, אַרויסגעגעבן פון מיטלשול גראַדואיר קלאַס פון 1930. פרייז 1 דאָלאַר, פאַר שולן 50 סענט.

### „קינדערלאַנד"

(זשורנאַל). אַלטע נומערן 10 ס. אַ נומער, פאַר שולן 5 סענט.

**INTERNATIONAL WORKERS ORDER, Inc.**

**80 FIFTH AVENUE** **NEW YORK, N. Y.**

Myold Printing Co., Inc., 446 161 Grand St., New York

